ברידער גרים

# אויסגעקליבענע מעשהלעך

איבערגעזעצט פון דייטש

דורך י״שר

מיט בילדער פון לודוויג ריכטער

העפט

II



יידישער קולטור־פארלאג/בערלין

# דאס שניידערל, דער גבור.

אין א זומערמארגען איז זיך געזעסען א שניידערל אויף זיין טישעלע ביים פענסטער, געווען מלא בשמחה און גענעט מיט אלע כוחות. איז אנגעקומען א פויערטע אויפ׳ן שטראז און האט גערופען: „גוט צומעס דא! גוט צומעס דא!״ ס׳האט דער ניגון דעם שניידערל גאר בנעימות׳דיג געקלונגען אין אויער, האט ער ארויסגעשטרעקט צום פענסטער דאס קליינינקע קעפעלע און גערופען: „קומט נאר אהער, ליבע פרוי, דא וועט איר פטרן אייער סחורה.״ איז די פרוי ארויפגעגאנגען די דריי טרעפ מיט איר שווערען קויבער צו דעם שניידערל צו און האט געמוזט אויספאקען פאר אים איר גאנץ קרעמיל. האט ער זיך באטראכט אלע טעפ, האט זיי אויפגעהויבען, א שמעק געטון צו יעדען מיט דער נאז און צום סוף א זאג געטון: „ווייזט אויס א גוטער צומעס, וועגט מ׳ר אב פיר לויט, ליבע פרוי, מעג אפילו זיין א פירטעל פונט, קען אויך נישט שאדען.״ די פרוי, וואס האט געהאפט צו מאכען א גוטען מסחר, האט אים געגעבען, וואס ער האט פארלאנגט, איז אבער אוועקגעגאנגען גאר ברוגז און בעזליך. „דעם דאזיגען צומעס זאל גאט בענשען״, האט דאס שניידערל א זאג געטון, „און זאל מיר געבען געזונט און פרנסה.״ ארויסגענומען א שטיק ברויט פון דער שאפע און זיך אבגעשניטען א רעפטיל איבער דער גאנצער לענג און אנגעשמירט דערויף דאס איינגעמאכץ. „וועט גאר קיין שלעכטען טעם נישט האבען״, האט ער געזאגט, „אבער קודם וויל איך פארטיג מאכען די קאפאטע, איידער איך טו א ביס.״ האט ער אנידערגעלעגט לעבען זיך דאס ברויט, ווייטערגענעהט און פאר פרייד געמאכט וואס גרעסערע שטעך. דערווייל אבער איז דער ריח ארויף אויף דער וואנד, וואו די פליגען זענען געזעסען חילות־ווייז, אזוי אז ס׳האט זיי אנגעשמעקט, און זיי האבען זיך דערויף אנידערגעזעצט, פארלעך־ווייז. „זעה נאר, ווער האט אייך פארבעטען צו גאסט?״ האט דאס שניידערל א מאך געטון און פארטריבען די אומגעבעטענע אורחים. די פליגען אבער, וואס האבען נישט פארשטאנען קיין טייטשמעריש, האבען זיך נישט געלאזט אוועקמאכען מיט דער האנד, נאר וואס א מאל מער געקומען און אלץ אין גרעסערע שירות. איז דעם שניידערל, ווי מ׳זאגט, געשוואלען געווארען דאס לינגעל און פיהלענדיג ממש טעם גיהנום, האט עס א כאפ געטון א שמאטע, און „ווארט׳ס נאר, איר וועט שוין דערפיהלען״. איז ער זיי באפאלען אהן רחמנות. ווי עס האט אין דערנאך די שמאטע אראבגענומען און געצעלט, זענען נישט ווייניגער ווי זיבען געלעגען טויט פאר אים און האבען אויסגעשטרעקט די פיסלעך. „ביזטו אזא גבור?״ האט ער א מאך געטון און געמוזט אליין זיך פארחידושן איבער זיין גבורה, „דערפון זאל די גאנצע שטאדט געוואהר ווערען.״ און אין

איילעניש האט זיך דאס שניידערל אבגעשניטען א גארטעל׳ האט אים אויסגענעהט און האט אויסגעשטיקט דערויף מיט גרויסע אותיות: „זיבען אויף איין קלאפ!״ — „שייך צו זאגען שטאדט!״ האט ער ווייטער געזאגט׳ „די גאנצע וועלט זאל דערפון געוואהר ווערען!״ און זיין הערצעלע האט זיך פאר פרייד געשאקעלט׳ ווי דאס שווענצעלע פון א לעמעלע׳.

דאס שניידערל האט זיך אנגעגארט דעם גארטעל ארום די לענדען און געוואלט ארויס אין דער וועלט אריין׳ ווייל ער האט זיך געטראכט׳ אז דער ווארשטאט איז צו קליין פאר זיין העלדישקייט׳ איידער ער האט זיך אוועקגעלאזט׳ האט ער נאך ארומגעבושעוועט אין הויז׳ צי ס׳איז נישטא וואס מיטצונעמען׳ האט ער אבער נישט גע־פונען גארנישט׳ נאר אן אלט שטיק קעז׳ וואס ער האט אריינגעלעגט אין קעשענע׳ און דערנאך האט ער גאר באהארצט א כאפ געטון די פיס אויף די פלייצעס און איז געגאנגען אין וועג אריין און ווייל ער איז געווען א פלינקער און א גרויסע בריה׳ האט ער נישט געפיהלט קיין מידיגקייט׳ האט אים דער וועג געפיהרט אויף א בארג ארויף׳ און ווי ער האט דערגרייכט דעם העכסטען שפיץ׳ איז זיך דארט געזעסען א אור מורא׳דיגער ריז און האט זיך פונאנדערגעקוקט גאר ברייטליך׳ דאס שניידערל האט זיך גענומען דאס הארץ׳ איז צוגעגאנגען צון אים און האט א זאג געטון: „גוט העלף חבר׳ א יא דו זיצסט און באטראכסט דיר גאטס וועלטעל? איך האב מיך גראד אוועק־געלאזט אהינצו און וויל אויספרווען מיינע כוחות׳ האסטו אפשר חשק מיטצוגיין?״ דער ריז האט דאס שניידערל געטון א מעסט אב פון אויבען ביז אראב און האט פער־עכטליך געזאגט: „דו שייגאץ איינער׳ דו מיאוסער בחור!״ — „איז טייטש!״ האט געענטפערט דאס שניידערל זיך אויפגעקנעפעלט דעם ראק און געוויזען דעם ריז דעם גירטעל „אט קענסטו לייענען׳ וואס פארא מין בריה איך בין.״ דער ריז האט איבערגעלייענט: „זיבען מיט איין קלאפ״ געמיינט׳ אז ס׳זענען געווען מענשען׳ וועלכע דאס שניידערל האט געטויט און באקומען א ביסעלע דרך ארץ פאר דעם קליינינקען מענשעלע׳ האט ער אים אבער קודם געוואלט אויספרווען׳ גענומען א שטיין אין דער האנד אריין און אים צונויפגעדריקט׳ אז דאס וואסער האט אזש ארויסגערינען׳ „דאס טו מיר נאך״ האט געזאגט דער ריז׳ „אז דו האסט כוח.״ — „מער גארנישט?״ האט דאס שניידערל זיך אנגערופען׳ „דאס איז ביי אונזעראיינס א שפילעכעל״׳ אריינגעקראכען אין קעשענע׳ ארויסגענומען דעם ווייכען קעז און אים צונויפגעדריקט׳ אז ס׳איז ארויסגערינען דער סאק׳ „א יא״׳ האט ער געזאגט׳ „דאס איז א ביסעלע מער קונץ געווען?״ דער ריז האט נישט געוואוסט׳ וואס צו ענפערן און האט עס נישט געקענט גלויבען דעם קליינעם מענשעלע׳ האט דער ריז אויפגעהויבען אַ שטיין און אים אזוי הויך ארויפגעווארפען׳ אז מ׳האט אים אזש קוים נאך געקענט זעהן מיט די אויגען: „נו׳ בריה מיינע׳ מאך מיר דאס נאך.״ — „גוט געווארפען״׳ האט דאס שניידערל געענפערט׳ „אבער דער שטיין האט דאך געמוזט ווידער אראבפאלען צו דר׳ערד׳ איך וועל דיר איינעם א שליידער טון׳ וועט ער אזש נישט קענען קומען צוריק.״ אריינגעקראכען אין קעשענע׳ גענומען דעם פויגעל און אים געווארפען אין דער לופטען׳ דער פויגעל׳ וואס האט זיך געפרייט׳ וואס ער איז געווארען פריי׳ האט זיך ארויפגעלאזט׳ איז אוועקגעפליגען און נישט מער געקומען צוריק׳ „ווי געפעלט דיר די קונץ׳ חבר?״ האט געפרעגט דאס שניידערל׳ „ווארפען קענסטו טאקי״׳ האט דער ריז געענפערט׳ „אבער איצט וועלען מיר זעהן׳ צי

ביזט בכוח צו טראגען עפעס שווערס״ געפיהרט דאס שניידערל צון א מעכטיגער סאסנע, וואס איז געלעגען אבגעהאקט אויף דר׳ערד און געזאגט: „אז דו ביזט שטארק גענוג, טא העלף׳זשע מיר ארויסטראגען דעם בוים פונ׳ם וואלד.״ „גערען״, האט דאס קליינע מענשעלע געענפערט, „נעם דו נאר דעם קלאץ אויף די פלייצעס, איך וועל אויפהויבען די אסטען און די צווייגען און זיי טראגען, דאס איז דאך דאס שווערסטע.״ האט דער ריז גענומען דעם קלאץ אויף די פלייצעס, דאס שניידערל אבער האט זיך ארויפגעזעצט אויף א צווייג און דער ריז, וואס האט זיך נישט געקענט אומקוקען, האט געמוזט אוועקטראגען דעם גאנצען בוים און א חוץ דעם נאך דאס שניידערל איז דאס שניידערל זיך געזעסען הינטען, געווען גאנץ לוסטיג און קוממיות׳דיג און זיך צוגעפייפט דאס לידעלע: „געריטען דריי שניידערס ארויס צו דעם טויער״, גלייך ס׳וואלט געווען א קלאץ צו טראגען, א קינדערשפילעכעל. נאכדעם ווי דער ריז האט אזוי אוועקגעטראגען די שווערע משא א שטיק וועגס, האט ער נישט מער געקענט טראגען און געזאגט: „הער נאר, כ׳מוז אראבלאזען דעם בוים.״ דער שניידער איז גאר פלינק אראבגעשפרינגען, אנגענומען דעם בוים מיטביידע הענד, ווי ער וואלט אים גע־טראגען און האט א זאג געטון צום ריז: „דו ביזט אזא שטארקער יונג און קענסט אפילו דעם בוים נישט טראגען.״

זענען זיי איבעראיינעם ווייטער געגאנגען און געטראפען א קארשענבוים, האט דער ריז א נעם געטון דעם בוים פארן שפיץ, וואו ס׳זענען געהאנגען די צייטיגסטע פירות, האט אים אראבגעבויגען און אים דערלאנגט דעם שניידערל אין דער האנד אריין און אים געהייסען עסען. דאס שניידערל אבער איז געווען צו שוואך, כדי צו האלטען דעם בוים און ווי דער ריז האט אים נאכגעלאזט, איז דער בוים ווידער ארויף אין דער הייך און דאס שניידערל איז מיטגעריסען געווארען אין די לופטען. און אז דאס שניידערל איז אראבגעפאלען און זיך נישט געטון גארנישט, האט זיך אנגערופען דער ריז: „וואס איז דאס, האסטו אפילו קיין כוח נישט צו האלטען אזא קליין פרוטקעלע?״ „כוח האב איך גע־נוג״, האט אים אבגעענפערט דאס שניידערל, „מיינסטו, אז ס׳מאכט עפעס אויס ביי אונ־זעראיינעם, וואס האט געטראפען זיבען אויף איין קלאפ? כ׳בין אריבערגעשפרונגען איבערן בוים, ווייל ס׳שיסען די יעגערס דארט הינטען אין געמויזעכץ. טו עס מיר נאך אויב דו קענסט.״ האט זיך דער ריז געפרוווט, און האט אבער דאך נישט געקענט אריבער איבערן בוים, נייערט ער איז געבליבען הענגען אויף די צווייגען, אזוי אז דאס שניידערל האט אים אויך איצט גובר געווען.

האט זיך אנגערופען דער ריז: „אז דו ביסט יא אזא גבור, אזוי קום מיט אין אונזער הייל אריין און נעכטיג איבער ביי אונז.״ דאס שניידערל האט זיך איינגעווילט און איז מיטגעגאנגען. ווי זיי זענען אנגעקומען צו דער הייל, זענען זיך די ריזען נאך געזעסען ביים פייער און יעדער פון זיי האט געהאלטען אין דער האנד א געבראטענע שאף און געגעסען דערפון. האט זיך דאס שניידערל געטון א קוק אום און געטראכט: „ס׳איז דא א סך היימליכער ווי אין מיין ווארשטאט.״ דער ריז האט אים אנגעוויזען א בעטעל און אים געזאגט, אז ער זאל זיך אריינלעגען און אויסשלאפען. פארן שניידערל איז אבער געווען דאס בעט צו גרויס, האט ער זיך דעריבער נישט אריינגעלעגט, נאר פאר־קראכען זיך ערגיץ אין א ווינקעל. איז געקומען האלבע נאכט, און דער ריז האט געמיינט, אז דאס שניידערל ליגט אין טיפען שלאף, איז ער אויפגעשטאנען, גענומען א גרויסען

אייזערנעם דראנג און האט מיט איין האק דורכגעשלאגען דאס בעט, און געמיינט, אז ער האט דעם היישעריקעל געמאכט דעם פסק. גאנץ פריה זענען די ריזען געגאנגען אין װאלד אריין און גאר פארגעסען אינ'ם שניידערל, איז עס פלוצים אנגעקומען צו גיין גאר לוסטיג און בגליפונדיג. האבען זיך די ריזען דערשראקען און באקומען מורא, אז ס'װעט זיי אלע אויסהרג'ענען, זענען זיי אין איילעניש אנטלאפען געװארען.

איז זיך דאס שניידערל װייטערגעגאנגען, גלייך װאוהין די אויגען האבען אים געטראגען. װי ס'האט אזוי לאנג געװאגעלט און געװאגעלט איז עס געקומען צוגיין צום א הויף פון א קיניגליכען פאלאץ, און װייל ס'איז געװען מיד, האט עס זיך אריינגעלעגט אין גראז אריין און איז אנטדרימעלט געװארען. װי ס'איז אזוי געלעגען, זענען געקומען די מענשען און האבען עס גענומען באטראכטען פון אלע זייטען און געלייענט אויפן גירטעל: „זיבען מיט איין קלאפ.” — „יא” האבען זיי געזאגט, „װאס װיל אט דער גבור דא ביי אונז, מיטען אין גרעסטען שלום? ס'מוז זיין גאר א מעכטיגער הארי.” זענען זיי געגאנגען און האבען געמאלדען דעם מלך און געמיינט, אז ס'װעט אמאל אויסברעכען א מלחמה,



װאלט ער געװען א גאר װיכטיגער און נוציגער מענש, װעמען מ'טאר בשום אופן נישט אװעקלאזען. איז דעם מלך געפעלען געװארען די עצה, האט ער אװעקגעשיקט איינעם פון זיינע הויפסלייט צו דעם שניידערל, װאס ר'האט אים געדארפט, אז ס'װעט אויפשטיין, איבערגעבען דעם מלך'ס בּאראט. איז דער שליח געבליבען שטיין פאר דעם שלאפענדיגען און געװארט ביז ער האט אויסגעשטרעקט זיינע גלידער און אויפגעמאכט די אויגען, און אים דערנאך איבערגעגעבען דעם מלך'ס באַראָט. „טאקי דערפאר בין איך געקומען אהערצו” האט ער געענפערט, „כ'בין גרייט אריינצוגיין אין מלך'ס רשות.” האט מען אים גאר בכבוד'יג אויפגענומען און אים אבגעגעבען א באזונדערע דירה. די זעלנער אבער האבען טאקי אין דער אמת'ן געמיינט, אז דאס שניידערל איז אזא גבור חיל און האבען אים גערן געװאלט פטר'ן. „װאס זאל װערען דערפון?” האבען זיי צװישען זיך גערעדט, „אז מיר װעלען זיך אמאל קריגען און ער װעט אונז אנפאלען, אזוי װעט ער דערהרגענען זיבען מיט איין קלאפ. דערויף קען קיינער פון אונז נישט באשטיין.” דערי-

בער האבען זיי באשלאסען צו גיין צום מלך און אים צו בעטען, אז ער זאל זיי אוועקלאזען. „מיר טויגען נישט דערצו" האבען זיי געזאגט, „אויסצוהאלטען ביי איינעם, וואס ער קען טויטען זיבען מיט איין קלאפ." האט דעם מלך באנג געטון, אז ר'וועט וועגען איין מענש מוזען פארלירען אלע זיינע געטרייע קנעכט און געטראכט, הלואי וואלטען אים זיינע אויגען קיינמאל נישט געזעהן געווען און וואלט איהם געווען גערן אוועקגעפטרט. האט ער אבער נישט געסמיעט אים אוועקצושיקען, מחמת ער האט מורא געהאט, אז ער וועט אויסהרג'ענען אים זיין פאלק און זיך באזעצען אויף דער קיניגליכער שטוהל. האט ער געקלערט אהין און אהער און ענדליך געפונען אן עצה. ר'האט געשיקט צום שניידערל און אים געלאזט צו וויסען טון, מחמת ער איז אזא גבור חיל, וואלט ער אים אט דאס געבעטען: אין א וואלד פון זיין מדינה וואוינען צוויי ריזען, וואס רויבען און מארדען, ברענען און סמאלען און מאכען אן א גרויסען שאדען, סקען זיך צו זיי קיינער נישט דערוועגען, אהן סכנת נפשות. אז ר'וועט די דאזיגע צוויי ריזען בייקומען און הרג'ענען, וועט ער אים געבען זיין איינציגע טאכטער פאר א ווייב און דאס האלבע קיניגרייך נדן; אויך וועט ער אים מיטגעבען הונדערט רייטערס, וואס וועלען אים ביישטיין.

„דאס וואלט פאר דיר געווען ווי געווינשען" האט דאס שניידערל א טראכט געטון „א שיינע בת מלכה און א האלב קיניגרייך דאס טרעפט זיך נישט אין א יעדען מיטוואך." האט ער געענפערט: „יא, די ריזען וועל איך שוין בייקומען און דערצו בעדארף איך גארנישט די הונדערט רייטערס: ווער ס'קען טרעפען זיבען מיט איין קלאפ, בעדארף פאר צוויי קיין מורא נישט האבען."

האט זיך דאס שניידערל אוועקגעלאזט און די הונדערט רייטערס זענען מיטגעגאנגען. ווי ער איז געקומען צום ברעג פונ'ם וואלד, האט ער געזאגט צו זיינע לייט: „בלייבט נאר דא שטיין, כ'וועל מיך שוין אליין אבפּאָרען מיט די ריזען." דערנאך איז ער אריינגעשפרונגען אין וואלד אריין און האט זיך געטון א קוק אום נאך רעכטס און נאך לינקס און באלד דערזעהן די ביידע ריזען: זיי זענען געלעגען אונטער א בוים און האבאן געשלאפען און דערביי געשנארכט, אז די צווייגען האבען זיך אזש געשאקעלט ארויף און אראב. דאס שניידערל, בטבע קיין פוילער נישט, האט אנגעקליבען ביידע קעשענעס פול מיט שטיינער און איז מיט זיי ארויפגעקראכען אויפ'ן בוים ארויף. ווי ס'איז אנגעקומען גראד אין דער מיט אריין, האט עס זיך צוגעדראפעט צון א צווייג, וואו ס'איז געזעסען פונקט איבער די שלאפענדיגע און געלאזט פאלען איין שטיין נאכ'ן אנדער'ן אויפן בויך פון איין ריז. דער ריז האט לאנג נישט געפילט גארנישט, דאך האט ער זיך פלוצים געטון א כאפ אויף, געגעבען א קאפע זיין חבר און געזאגט: „וואס שלאגסטו מיך?" „דו בייטעלסט חלומות" האט דער אנדערער געענפערט, „איך שלאג דיך נישט." האבען זיי זיך צוריקגעלעגט שלאפען און דאס שניידערל האט אראבגעווארפען א צווייטען שטיין. „וואס איז דאס?" האט זיך אנגערופען דער אנדערער, „פארוואס באווארפסטו מיך?" — „איך באווארף דיך נישט" האט געענפערט דער ערשטער און געברומט. האבען זיי זיך אביסעל ארומגעקריגט, דאך ווייל זיי זענען געווען מיד, האבען זיי קיין שהיות נישט געמאכט, און ס'זענען זיי ווידער צוגעפאלען די אויגען. האט דאס שניידערל ווידער אנגעהויבען זיין חכמה'לע, ארויסגעזוכט דעם גרעסטען שטיין און אים געווארפען מיט גרויס אימפעט דעם ריז אין בויך אריין. „דאס איז שוין גאר מיאוס!" האט ער געשריגען, איז אויפגעשפרונגען, ווי א משוגע'נער און געגעבען מיט זיין חבר א ווארף צו צום בוים, אז ער האט אזש

געציטערט. דער אנדערער האט אים באצאהלט אויף דעם זעלביגען שטייגער און זיי זענען אריין אין אזא מין כעס, אז זיי האבען אויסגעריסען די בוימער, און געפאלען איינס איבערן אנדערן, אזוי לאנג, ביז זיי זענען ענדליך ביידע אנידערגעפאלען טויט צו דר׳ערד. איצט איז דאס שניידערל אראבגעשפרונגען. „איין גליק נאר״, האט ער געזאגט, „וואס זיי האבען דעם בוים, אויף וועלכען איך בין געזעסען, נישט אויסגעריסען, אז נישט וואלט איך געמוזט ארויף שפרינגען ווי א וועווערקע אויף אן אנדערן: דאך אונזער איינס איז נישט אזא בריה!״ האט עס ארויסגעצויגען זיין שווערד און האט יעדען פון זיי געגעבען נאך א פאר גוטע קלעפּ אין דער ברוסט אריין, דערנאך איז ער ארויסגעגאנגען צו די רייטערס און האט געזאגט: „מיין מלאכה איז פארטיג, כ׳האב ביידע געמאכט דעם פסק: אבער גאר אהן רחמנות איז עס דארט צוגעגאנגען, זיי האבען אין דער נויט ארוסגעריסען בוימער און סך געוועהרט, דאך ס׳האט אלץ נישט געהאלפען, אז ס׳איז געקומען אזוינער ווי איך, וואס הרג׳עט זיבען אויף איין קלאפּ.״ — „זענט איר דען נישט פארוואונדערט געווארען?״ האבען געפרעגט די רייטערס. „ס׳האט גענומען א גוטען סוף״, האט געענפערט דאס שניידערל, „זיי האבען מיר קיין האר נישט געקרומט.״ האבען אים די רייטערס נישט געוואלט גלויבען און זענען אריינגעריטען מיט אים אין וואלד אריין: האבען זיך די ריזען געבאדען אין בלוט און ארום און זענען געלעגען די אויסגעריסענע בוימער.

האט דאס שניידערל פארלאנגט פונ׳ם קיניג דעם לוין, וואס ער האט אים צוגעזאגט. דער קיניג אבער האט באקומען חרטה און געקלערט אויפ׳סניי ווי אזוי פון זיך אוועקצופטרן דעם גבור. „איידער דו באקומסט מיין טאכטער און דאס האלבע קיניגרייך״, האט ער צון אים געזאגט, „מוזטו באווייזען נאך איין גבורה. אין וואלד לויפט ארום אן איינהארן, וואס מאכט אן גרויס שאדען, דאס מוזטו קודם כאפּען.״ — „פאר אן איינהארן האב איך נאך אסך ווייניגער מורא, ווי פאר די צוויי ריזען; זיבען אויף איין קלאפּ, דאס איז מיין קונץ.״ האט ער זיך מיטגענומען א שטריק און א האק, איז ארויסגעגאנגען אין וואלד אריין און האט די וואס זענען מיט אים מיטגעגאנגען ווידער געהייסען בלייבען אין דרויסען. ער האט נישט געדארפט לאנג זוכען, דאס איינהארן איז באלד געקומען צו גיין און האט זיך צוגעלאזט גלייך צום שניידערל, ווי ווען ס׳וואלט אים געוואלט אויפשטעכען, נישט מאכענדיג מיט אים קיין סך שהיות. „פאמעליך מיט די פעטע הענד״, האט ער געזאגט, „אזוי גיך גייט עס נישט״. איז שטיין געבליבען און געווארט, ביז די חיה איז געווען גאנץ נאהנט, דערנאך איז ער גאר פלינק ארונטער אונטער׳ן בוים. דאס איינהארן האט זיך געטון א לאז מיט אלע כוחות צום בוים צו און האט זיין הארן אזוי שטארק אריינגעשטאכען אין בוים אריין, אז ס׳האט קיין כוח נישט געהאט, עס ווידער ארויסצוציהען און געמוזט זיין א געפאנגענער. „אט האב איך עס שוין, דאס פייגעלע״, האט דאס שניידערל געזאגט און איז אפיר פון אונטערן בוים, האט דעם איינהארן קודם ארויפגעלעגט א שטריק ארום דעם האלז, דערנאך האט ער מיט דער האק ארויסגעהאקט דאס האר׳ן פונ׳ם בוים און אז ס׳איז אלץ געווען פארטיג, האט ער אבגעפירט די חיה און זי געבראכט צום קיניג.

האט אים דער מלך אלץ נאך נישט געוואלט געבען דעם לוין, וואס ער האט אים צוגעזאגט, און געהאט א נייע טענה, אז דאס שניידערל זאל קודם פאר דער חתונה אים נאך כאפען דעם ווילדען חזיר, וואס מאכט אן גרויסען שאדען אין וואלד; די יעגערס וועלען אים העלפען דערביי. „גערן״, האט דאס שניידערל געענפערט, „דאס איז א קינדערשפילעכעל.״ די יעגערס האט ער נישט מיטגענומען אין וואלד אריין און זיי זענען

טאקע געווען צופרידען דערמיט, ווייל דער ווילדער חזיר האט זיי שוין עטליכע מאל אזוי מכבד געווען, אזוי אז ס'האט זיך זיי שוין אבגעגלוסט אים נאכצולויפען. ווי דער חזיר האט דערזעהן דאס שניידערל איז ער צוגעשפרונגען צו אים מיט א פוסק פול צארן און מיט קריצענדיגע ציינער און אים געוואלט אנידערוואַרפען צו דר'ערד; דער פלינקער גבור אבער האט געטון א שפרונג אריין אין א קלויסטערל, וואס איז געשטאנען נישט ווייט און איז מיט איין שפרונג תיכף אויבען ארומערט ווידער ארויס דורכ'ן פענסטער. דער חזיר איז אים נאכגעלאפען, ער אבער איז ווידער געווען אין דרויסען און צוגעמאכט פאר אים די טיר; איז די צארענדיגע חיה געווען געפאנגען, ווייל זי איז געווען צו שווער און נישט פלינק גענוג, כדי ארויסצושפרינגען דורכ'ן פענסטער. האט דאס שניידערל צו־גערופען די יעגערס און זיי האבען געמוזט מיט די אייגענע אויגען באטראכטען דעם געפאנגענעם. דער גבור אבער איז אוועק צום מלך, וואס האט געמוזט, ווילענדיג נישט ווילענדיג, האלטען דעם צוזאג און אים איבערגעבען זיין טאכטער און דאס האלבע קיניגרייך. וואלט ער געווען געוואוסט, אז פאר אים איז נישט געשטאנען קיין גבור חיל, נאר א שניידערל, וואלט ער נאך מער רחמנות באקומען. האט מען געמאכט די חתונה מיט גרויס פראכט און מיט ווייניגער שמחה און פון א שניידער איז געווארען א מלך.

אין א צייט ארום האט געהערט די יונגע מלכה, ווי איר מאן האט א מאל פונ'ם שלאף א זאג געטון: „הער נאר, דו, מאך מיר דאס רעקיל און פארעכט מיר די הויזען, אז נישט וועל איך דיר דערלאנגען מיט דער אייל איבער די אויערן.“ האט זי דערזעהן, אין וואס פאר א געסעל זי איז פארפאהרען און האט געקלאגט דעם אנדערן טאג פאר איר פאטער איר ביטער הארץ און אים געבעטען, אז ער זאל איר בייסטען ביי איר מאן, וואס איז נישט מער ווי א שניידער. האט זי דער מלך געטרייסט און געזאגט: „לאז אפען אין דער אנדערער נאכט דיין שלאף־חדר, מיינע קנעכט וועלען שטיין אין דרויסען און אז ער וועט אנטשלאפען ווערען, וועלען זיי אריינגיין, אים אבבינדען און ארויפטראגען אויף א שיף, וואס וועט איהם פארפיהרען ערגיץ אין דער וועלט אריין.“ איז די פרוי געווען דערמיט צופרידען, דעם מלך'ס זעלנער אבער, וואס האט אלץ צוגעהערט, האט ליב געהאט דעם יונגען האר און האט אים דאס אבדערצעהלט. „כ'וועל מיר שוין אן עצה געבען“ האט דאס שניידערל געזאגט. פארנאכט האט ער זיך געלעגט שלאפען מיט זיין פרוי ווי געוויינטליך; האט זיך איר געדאכט, אז ר'איז אנטשלאפען געווארען, איז זי אויפגעשטא־נען, געעפענט די טיר און זיך ווידער אנידערגעלעגט. דאס שניידערל אבער, וואס האט זיך נאר געמאכט שלאפענדיג, האט אנגעהויבען צו שרייען אויף א הויך קול: „הער נאר דו, מאך מיר דעם ראק און פארעכט מיר די הויזען, אז נישט וועל איך דיר דערלאנגען מיט דער אייל איבער די אויערן! כ'האב געטראפען זיבען אויף איין קלאפ, געטויט צוויי ריזען, געכאפט איין איינהארן און געפאנגען א ווילדען חזיר און זאל גאר מורא האבען פאר די, וואס שטייען אין דרויסען פאר דער קאַמער!“ ווי זיי האבען געהערט דעם שניידערס רייד, האבען זיי שטארק מורא באקומען, זענען זיי אנטלאפען געווארען ווי די שווארצע פעפערס און קיינער האט זיך נישט מער געסמיעט. טא איז טאקי געווען און געבליבען דאס שניידערל א מלך כל ימיו.

# די צייט פונ׳ם לעבען.

אז גאט האט באשאפען די וועלט און געוואלט באשטימען פאר אלע באשעפענישען די צייט פון זייער לעבען, איז געקומען צו גיין דאס אייזעל און האט געפרעגט: „גאט, מיין האר, ווי לאנג זאל איך לעבען?" — „דרייסיג יאהר," האט גאט געענפערט. „ביזטו צופרידען?" — „אוי גאטעניו," האט געענפערט דאס אייזעל, „דאס איז א צו לאנגע צייט. באטראכט נאר מיין ארים לעבען: פון אין דער פריה ביז אויף דער נאכט טראגען שווערע לאסטען, שלעפען קארן אין מיל אריין, כדי אַנדערע זאלען דאס ברויט דערפון עסען און נישט האבען קיין אנדערן כיבוד, נאר בייטשען און קלעפ! שענק מיר דאך א טייל פון דער לאנגער צייט." האט גאט זיך דערבארעמט און אים געשענקט אכטצען יאר. איז דאס אייזעל אוועקגעגאנגען מיט א טרייסט און ס׳איז געקומען צו גיין דער הונד. „ווי לאנג ווילסטו לעבען?" האט גאט צון אים געזאגט: „דעם אייזעל זענען דרייסיג יאר צו פיל. דו אבער וועסט דערמיט זיין צופרידען." — „גאט, מיין האר," האט געענפערט דער הונד, „אויב דיין רצון איז אזוי, באקלער זשע דיך טאקי, וויפיל איך מוז מיך אנלויפען. דאס קענען מיינע פיס לאנג נישט אויסהאלטען; און אז איך וועל שוין נישט קענען בילען און פארלירען די ציין צום בייסען, וואס וועל איך דען נאך קענען מער אויפטון אויף דער וועלט, ווי צו לויפען פון איין ווינקעלע אין אנדערען און ברומען?" האט גאט געזעהען, אז ער איז גערעכט געווען, האט ער אים געשענקט צוועלף יאר. דערנאך איז געקומען צו גיין די מאלפע. „דו וואלסט אפנים גערן געוואלט לעבען דרייסיג יאהר," האט גאט צון איר געזאגט, „דו מוזט נישט ארבייטען ווי דאס אייזעל און דער הונד און ביזט תמיד מלא בשמחה." — „אוי גאטעניו," האט זי געענפערט, „ס׳זעהט טאקי אזוי אויס, ס׳איז אבער דאך גאר אנדערש. אז ס׳רעגענט מיט הירש, האב איך קיינמאל קיין לעפעל נישט. כסדר זיין א מה־יעשה׳ניק, מאכען כל׳ערליי שגעון׳נען, כדי די מענשען זאלען לאכען, און געבען זיי מיר טאקי שוין אן עפעל און איך טו א ביס אריין, איז ער צו זויער. — וויפיל מאל לאכט מען מיט קרעמעניעס; דרייסיג יאר בין איך נישט אימשטאנד דאס אויסצוהאלטען." האט גאט געטון מיט אים א חסד און אים געשענקט צען יאר.

צולעצט איז געקומען דער מענש, געווען פריילעך, געזונד און פריש און האט געבעטען גאט צו באשטימען אים זיין צייט. „דרייסיג יאר וועסטו לעבען," האט גאט געזאגט, „איז דיר דאס גענוג?" „אוי וואס פאר א קורצע צייט!" האט געענפערט דער מענש, „אז כ׳האב אויפגעבויט מיין הויז און ס׳ברענט שוין דאס פייער אויף מיין פריפעטשיק: אז כ׳האב בוימער געפלאנצט, וואס נעמען בליהען און צייטיגען פירות און כ׳וויל ערשט אנהויבען צו לעבען, זאל איך שוין שטארבען! גאט, מיין האר, כ׳בעט דיך, פארלענגער מיר מיין צייט." — „כ׳וויל דיר צולעגען די אכטצען יאר פונ׳ם אייזעל," האט גאט זיך אנגערופען. „דאס איז צו ווייניג," האט דער מענש געענפערט. „כ׳וויל דיר אויך צולעגען די צוועלף יאר פון דעם הונד." — „אלץ נאך צו ווייניג." — „זאלסטו וויסען, מיין גוט הארץ," האט גאט געזאגט „כ׳וויל דיר נאך צולעגען די צען יאר פון דער מאלפע, אבער מער קיין ברעקעל נישט." איז דער מענש אוועקגעגאנגען, ער איז אבער נישט געווען צופרידען.

לעבט טאקי דעריבער דער מענש זיבעציג יאר. די ערשטע דרייסיג זענען זיינע מענשליכע יאהרען, זיי גייען גיך פארביי; דעמאלט איז ער געזונד, פריילין, ער ארבעט מיט חשק און פרייט זיך, וואס ער לעבט אויף דער וועלט. דערנאך קומען די אכצען יאר פונ׳ם אייזעל, ווערט אויף אים ארויפגעלעגט איין משא נאך דער אַנדערער: ער מוז שלעפען דאס קארן פאר פרעמדע און מיט קלעפ און זלזולים ווערט ער באלוינט פאר זיין געטרייער ארבייט. דערנאך קומען די צוועלף יאהר פונ׳ם הונד, ער ליגט ארום אין אלע ווינקעלעך, ברומט און האט קיין ציין נישט מער צו בייסען, און אז ס׳גייט אריבער די דאזיגע צייט, פארענדיגען זיין לעבען די צען יאר פון דער מאלפע, דעמאלט באקומט דער מענש א שוואכען קאפ און ווערט אויסגעוועפט, טוט נארישקייטען און די קינדער לויפען אים נאך אויף דער גאס.

# חוה׳ס נישט געראטענע קינדער

אז אדם און חוה זענען פארטריבען געווארען פונ׳ם גן עדן, האבען זיי געמוזט זיך בויען א הויז אויף אומפרוכפערדיגער ערד און עסען זייער ברויט מיט מיה און שווייס. אדם האט געאקערט דאס פעלד און חוה האט געשפינען די וואָל. חוה האט יעדעס יאר געוואונען א קינד, די קינדער זענען אבער נישט גלייך געווען, א טייל שיין א טייל מיאוס. איז אזוי אוועק א שטיק צייט, האט גאט צו זיי אראבגעשיקט א מלאך און געלאזט זאגען, אז ער וועט קומען צו גיין און זיך א ביסעל צוקוקען צו זייער באלעבאטישקייט. חוה האט זיך זעהר געפרייט, וואס גאט האט איר אנגעטון דעם כבוד. האט זי ריין געמאכט איר הויז און עס באקראנצט מיט כלערליי קווייטען און בלומען. דערנאך האט זי גערופען די קינדער, אבער נאר די שיינע. זי האט זיי געוואשען און געבאדען, אויסגעצוואגען זיי די האר און האט זיי אנגעטון רייגע העמדעלעך און זיי אנגעזאגט, אז זיי זאלען זיך באנעמען ציכטיג און פיין. זיי זאלען זיך פאר אים מיט דרך ארץ פארנייגען, אים געבען די האנד און ענטפערן ענוות׳דיג און קלוג. די מיאוסע קינדער אבער זאלען פארשווינדען פון די אויגען. איינס האט זי באהאלטען אונטערן היי, דאס אנדערע אונטערן דאך, דאס דריטע אין שטרוי, דאס פירטע אין אויוען, דאס פיפטע אין קעלער, דאס זעקסטע אין א צובער, דאס זיבעטע אונטער א וויין־פאס. דאס אכטע אונטער אן אלטען פעלץ, דאס ניינטע און צענטע אונטער א טיכעל, וואס זי פלעגט זיי דערפון קליידער מאכען, און דאס עלפטע און צוועלפטע אונטערן לעדער, וואס זי פלעגט זיי צושניידען שיך דערפון. זי איז נאר וואס פארטיג געווארען, האט עס געקלאפט אן דער טיר. אדם האט א קוק געטון דורך א שפארע און האט זיך דערוואוסט, אז גאט אליין איז עס. מיט גרויס דרך ארץ האט ער געעפענט און דער הימלישער פאטער איז אריינגעקומען. זענען די שיינע קינדער געשטאנען אין איין שורה, האבען זיך פארנייגט און אים געגעבען די הענד און זענען אנידערגעקניעט פאר אים. האט גאט זיי גענומען בענשען, ארויפגעלעגט זיין האנד אויף דעם ערשטען און האט געזאגט: „דו זאלסט ווערען א מעכטיגער קיניג״ און צו דעם צווייטען: „דו א פירשט״ צו דעם דריטען: „דו א גראף״ צו דעם פירטען: „דו א ריטער״ צו דעם פיפטען: „דו אן עדעלמאן״ צו דעם זעקסטען: „דו א בעל הבית״ צו דעם זיבעטען:

„דו א סוחר" צו דעם אכטען: „דו א גאר געלערנטער מאן". האט ער זיי אלע טאקי זיינע ברכות פארטיילט. ווי חוה האט דערזעהן, אז גאט איז אזוי מילד און גוטהארציג, האט זי א טראכט געטון: „כ'וועל א ברענג טון מיינע אומגעראטענע קינדער, אפשר וועט ער זיי אויך בענשען". איז זי טאקי אוועקגעלאפען און האט זיי אפירגענומען פונ'ם היי פונ'ם שטרוי, פונ'ם אויוון און פון אלע ערטער, וואו זיי זענען געווען באהאלטען, איז געקומען צו גיין די גאנצע מיאוסע, פארשמירטע און גראבע חברה. האט גאט א שמייכעל געטון און האט געזאגט: „אויך זיי וויל איך בענשען". האט ער ארויפגעלעגט אויף דעם ערשטען זיין האנד און האט צום אים געזאגט: „דו זאלסט ווערען א פויער" צו דעם צווייטען: „דו א פישער", צו דעם דריטען: „דו א קאוואל", צו דעם פירטען: „דו א גארבער", צו דעם פיפטען: „דו א וועבער", צו דעם זעקסטען, „דו א שוסטער", צו דעם זיבעטען: „דו א שניידער", צו דעם אכטען: „דו א טעפער", צו דעם ניינטען: „דו א פוהרמאן", צו דעם צענטען: „דו א שיפער", צו דעם עלפטען: „דו א שליח", צו דעם צוועלפטען: „דו א הויזקנעכט דיין לעבענלאנג."

ווי חוה האט דאס אלץ צוגעהערט, האט זי זיך אנגערופען: „גאט מיין האר ווי פארטיילסטו דיינע ברכות אזוי אומגלייך! ס'זענען דאך אלע מיינע קינדער און אויך זיי האב איך געבוירען: דיין גענאד וואלט געדארפט רוהען איבער אלע גלייך און אהן א חילוק." גאט אבער האט געענטפערט: „חוה, דאס פארשטייסטו נישט, ס'איז מוטל אויף מיר, אז כ'זאל די גאנצע וועלט מיט דיינע קינדער פארשפרייטען; אויב זיי אלע וועלען זיין פירשטען און הארען, ווער וועט פארזייען דאס קארן, ווער וועט דרעשען, מאהלען און באקען? ווער וועט שמידען, וועבען, בויען, גראבען, שניידען און נעהען? יעדער זאל האבען זיין מלאכה, כדי איינער זאל דערהאלטען דעם אנדערן און אלע זאלען קענען לעבען, ווי די גלידער פונ'ם לייב." האט חוה געענטפערט: „א האר, זיי מיר מוחל מיינע זינד, וואס כ'האב עס נישט גוט באקלערט, און האב מתרעם געווען אויף דיר. זאל מקוים ווערען דיין געטליכער רצון אן מיינע קינדער."

# די צוויי וואנדערער

א בארג מיט א טאל באגעגענען זיך קיינמאל נישט, פריהער אבער באגעגענען זיך די מענשען, צומאל גוטע און שלעכטע. אזוי האט זיך אויך איינמאל אונטערוועגס צונויפגעטראפען א שוסטער מיט א שניידער. דער שניידער איז געווען א קליינער, שיינער יונג און תמיד געווען לוסטיג און פריילין. האט ער דעם שוסטער געזעהן קומען פון דער אנדערער זייט און ווייל ער האט אן זיין נאל דערקענט, וואס פאר א מלאכה ער האט, האט ער אים אויפגערופען מיט א שפאסיג לידעלע:

„נעה מיר די נאהט,
ציה מיר דעם דראהט,
שמיר אים רעכטס און לינקס מיט פעך,
קלאפ מיר גוט ארײן דעם טשוואק."

דער שוסטער אבער האט נישט פארשטאנען קיין חכמות, פארקרומט דאס פנים, גלייך ער וואלט עסיג דערשמעקט און געוואלט דעם שניידערל דערלאנגען א מתנת יד,

דאס שניידערל האט אבער גענומען לאכען, געגעבען אים זיין פלעשעל און האט געזאגט: „האב קיין פאראיבעל נישט, כ׳האב מיר נאר געמאכט א געלעכטער, נעם א ביסעלע משקה און שלינג אראב די גאל." דער שוסטער האט געמאכט א גרויסען שהכול און די כמארעס אויף זיין פנים האבען גענומען פארגיין.

ער האט דעם שניידער צוריקגעגעבען די פלאש און געזאגט: „כ׳האב א גוטען טרינק געטון, מ׳זאגט טאקי, אז פון א סך טרינקען ווערט מען נאך מער דארשטיג, וויל־סטו נישט מיט מיר אינאיינעם גיין אין וועג אריין?" — „יא, גוט", האט געענפערט דער שניידער, „אויב דו האסט חשק צו גיין אין א גרויסער שטאט, וואו ס׳איז דא א סך ארבייט." — „טאקי אהין האב איך מיך אויך געוואלט אוועקלאזען", האט געענטפערט דער שוסטער, „אין א קליין שטעטיל קען מען גארנישט פארדינען און אין דארף גייען די מענשען בעסער ארום בארוויס." זענען זיי טאקי אינאיינעם ווייטערגעגאנגען און האבען געשטעלט פיס ווי א ווייזעל אין שניי.

צייט האבען זיי ביידע טאקי גענוג געהאט, אבער ווייניג צו בייסען און צו ברעכען. אז זיי זענען געקומען אין א שטאט אריין, זענען זיי ארומגעגאנגען און האבען געזוכט ארבייט און מחמת דאס שניידערל האט תמיד אויסגעזעהן פריש און געזונד און געהאט שיינע רויטע באקען, האט אים יעדער גערן געגעבען ארבייט און אז דאס גליק האט אים צוגעשפילט, האט אים דעם מייסטערס טאכטער אונטערן טויער נאך מיט־געגעבען א קוש אויפ׳ן וועג. אז ער האט זיך צונויפגעטראפען מיט׳ן שוסטער, האט ער תמיד מער געהאט אין זיין זעקיל. דער פארכמורעטער שוסטער האט געמאכט א קרום פנים און געמיינט: „וואס מער נאר, אלץ מער גליק." אבער דער שניידער האט אנגעהויבען צו לאכען און צו זינגען און האט זיך מיט אלעמען געטיילט מיט זיין חבר, האבען זיך ביי אים געדרעהט א פאר זעקסער אין קעשענע, האט ער געלאזט ברענגען וואס גוטס און וואס שיינס און געקלאפט פאר לויטער שמחה אויפ׳ן טיש, אז די גלעזער האבען אזש געטאנצט און ס׳האט זיך אויף אים צוגעפאסט דאס ווערטעל: „לייכט פארדינט און לייכט פארטון."

זענען זיי אזוי געגאנגען א לאנגע צייט און זענען אנגעקומען צון א גרויס וואלד, דורך וועלכען ס׳האט געפירט דער וועג אין דער הויפטשטאט אריין. זענען עס אבער געווען צוויי וועגען, איינער איז געווען זיבען טאג לאנג, דער אנדערער נאר צוויי טאג, אבער קיינער פון זיי האט נישט געוואוסט, וועלכער ס׳איז געווען דער קור־צערער. האבען זיך די ביידע וואנדערער אנידערגעזעצט אונטער א סאסנע און זיך בעראטען פאר וויפיל טעג זיי זאלען מיטנעמען עסענווארג. דער שוסטער האט געזאגט: „מ׳מוז קלערען ווייטער, ווי מ׳גייט, כ׳וויל מיטנעמען ברויט פאר זיבען טעג." — „אי, וואס", האט דער שניידער געזאגט, „שלעפען פאר זיבען טעג ברויט אויף די פלייצעס, ווי אן אייזעל און נישט קענען א קוק טון, וואו מ׳איז אויף דער וועלט? איך האב בטחון און פארלאז מיך אויף גאט. דאס געלד וואס כ׳האב אין קעשענע, איז זומער פונקט אזוי גוט ווי ווינטער, דאס ברויט אבער ווערט טרוקען אין דער הייסער צייט און דערצו נאך פארשימעלט. מיין רעקיל איז אויך נישט לענגער, ווי מ׳באדארף. פארוואס זאלען מיר נישט קענען געפונען דעם רעכטען וועג? פאר צוויי טעג ברויט און דאס וועט מוזען זיין גענוג." האט זיך טאקי יעדער געקויפט זיין ברויט, כפי ער האט פארשטאנען, דערנאך זענען זיי אויף גאטס באראט אריינגעגאנגען אין וואלד אריין.

אין דעם וואלד איז געווען שטיל ווי אין א קלויסטער׳ ס׳האט נישט געבלאזען קיין ווינטעל׳ נישט געקווייקט קיין קוואל׳ נישט געזונגען קיין פויגעל און דורך די גע־דיכטע פארוואקסענע צווייגען האט נישט אפגעשיינט קיין שטראל פון דער זון׳ דער שוסטער האט קיין ווארט נישט גערעדט ס׳האט אים געקוועטשט דאס שווערע ברויט אויף די פלייצעס׳ אז דער שווייס האט אים אזש געקאפעט פון זיין פינסטער פארכמורעט פנים׳ דער שניידער אבער איז געווען גאר לוסטיג׳ ער איז זיך ארומגעשפרונגען׳ זיך אבגעריסען א בלעטעל און געפייפט דערויף א לידעל און געטראכט: „גאט אליין מוז הנאה האבען׳ וואס כ׳בין אזוי לוסטיג.״ צוויי טעג זענען זיי אזוי אוועקגעגאנגען׳ אבער אז ס׳איז געקומען דער דריטער טאג און דאס וואלד האט אלץ נאך נישט געוואלט קיין עק נעמען׳ איז דעם שניידערל דאס הערצעלע א ביסעלע סמוטנע געווארען בפרט ווי ער האט אויך שוין געהאט אויפגעגעסען זיין ברויט. פון דעסטוועגן האט ער אבער דאך נישט פארלוירען דעם מוט און געהאט בטחון צו גאט און פארלאזט זיך אויף זיין מזל. דעם דריטען טאג האט ער זיך אויף דער נאכט׳ א הונגעריגער ארונטערגעלעגט אונטער א בוים און איז דעם אנדערן אין דער פריה ווידער אויפגעשטאנען א הונגעריגער. אזוי אויך דעם פירטען טאג; און אז דער שוסטער האט זיך אנידערגעזעצט אויף אן אבגעהאקטען בוים און געגעסען זיין מאלצייט׳ האט דער שניידער נישט געהאט קיין אנדערע ברירה׳ ווי צוצוקוקען׳ בעטענדיג ביי אים א שטיקעלע ברויט׳ האט דער אנדערער געמאכט פון אים פונדק און געזאגט: „דו ביזט תמיד געווען אזוי לוסטיג׳ מעגסטו׳ אויך איינמאל פארזוכען דעם טעם׳ ווי אזוי מ׳איז טרויריג: די פייגעל וואס זינגען צו פריה׳ דערווארגט ביינאכט דער פוהאטש״׳ הקצור׳ ער האט גאר קיין רחמנות נישט געהאט׳ אבער דעם פיפטען טאג האט דער ארימער שניידער נישט מער געקענט אויפשטיין און פאר אב־געמאטערטקייט נישט מער געקענט ארויסרעדן קיין ווארט; די באקען זענען אים בלייך געווארען און די אויגען רויט. האט זיך צון אים אנגערופען דער שוסטער: „כ׳וויל דיר היינט געבען א שטיקעל ברויט׳ אבער דערפאר וויל איך דיר אויסשטעכען דיין רעכט אויג.״ דער אומגליקליכער שניידער׳ וואס האט זיך גערן געוואלט דערהאלטען דאס חיות האט נישט געהאט קיין ברירה; ער האט נאך איינמאל מיט ביידע אויגען געוויינען און דער שוסטער׳ וואס האט געהאט א הארץ פון קרעמיען׳ האט אים מיט א שארף מעסער אויסגעשטאכען זיין רעכט אויג. דער שניידער האט זיך דערמאנט׳ וואס זיין מאמע פלעגט אים זאגען׳ אז ער האט גענאשט אין קיך: „מ׳זאל עסען׳ וויפיל מ׳קען און ליידען וויפיל מ׳מוז.״ און אז ער האט אבגעגעסען דאס טייער באצאלטע ברויט׳ איז ער ווידער אויפ־געשטאנען׳ פארגעסען זיינע צרות און האט זיך געטרייסט דערמיט׳ וואס ער וועט מיט איין אויג אלץ נאך קענען געניג זעהן׳ אבער דעם זעקסטען טאג האט זיך ווידער אריינגעשטעלט דער הונגער און האט אים אויסגענאגט דאס הארץ. ער איז ביינאכט אנידערגעפאלען ביי א בוים און דעם זיבעטען אין דער פריה האט ער זיך פאר אבגעמאטערטקייט נישט געקענט אויפהויבען און זיך געזעהן מיט׳ן טויט. האט זיך אנגערופען דער שוסטער: „כ׳וויל רחמנות האבען און דיר נאכאמאל געבען א שטיקעל ברויט; אבער נאר בזה האופן׳ אז איך זאל דיר אויסשטעכען דערפאר נאך דאס אנדערע אויג.״ האט זיך דער שניידער דערוואוסט פון זיין זינדיג לעבען׳ האט תשובה געטון צו גאט און זיך אנגערופען: „טו וואס דו מוזט׳ איך וויל ליידען׳ וואס כ׳מוז; אבער דו מוזט וויסען, אז גאט טוט משפטן נישט יעדע מינוט און אז ס׳וועט אמאל קומען א צייט׳ אז דאס׳ וואס דו האסט אין מיר געטון וועט

ווערען פארגאַלטען, כפי דיינע מעשים. איך האב אין די גוטע צייטען געטיילט מיט דיר דעם ביסען פונ׳ם מויל. מיין מלאכה פארלאנגט, פארטשעפּען א שטאך מיט א שטאך, אז כ׳האב קיין אויגען נישט מער, און קען נישט מער נעהען, מוז איך גיין בעטלען. לאז מיך נאר נישט אליין איבער, אז כ׳וועל בלינד זיין, אז נישט וועל איך פארשמאכטען." דער שוסטער אבער, וואס האט שוין לאנג נישט מער געהאט גאט אין הארצען, האט גענומען דאס מעסער און אים נאך אויסגעשטאכען דאס לינקע אויג. דערנאך האט ער אים געגעבען צו עסען אַ שטיק ברויט, געגעבען אים א שטעקען אין דער האנד אריין און אים מיטגענומען מיט זיך.

אז זיי זענען ארויסגעקומען פונ׳ם וואלד, איז די זון שוין אונטערגעגאנגען און פארן וואלד אויפן פעלד איז געשטאנען א תּליה. אהין האט דער שוסטער צוגעפיהרט דעם בלינדען שניידער, האט אים געלאזט ליגען און איז זיך געגאנגען זיין וועגס. פון מידיגקייט, ווייטיג און הונגער איז דער אומגליקליכער אנטשלאפען געווארען און איז געשלאפען די גאנצע נאכט. אויף דער תליה זענען געהאנגען צוויי ארימע זינדער, און אויף יעדענס קאפ איז געזעסען א קראה. האט איינער זיך אנגערופען צום אנדערן: „וואכסטו, ברודער?" — „יא, כ׳בין וואך", האט געענטפערט דער צווייטער. „טא וויל איך דיר עפּעס זאגען", האט זיך אנגערופען דער ערשטער, „די ראסע וואָס איז איבער אונז די נאכט געפאלען, האט א וואונדערליכען כּוח. אז ס׳וואשט זיך דערמיט א בלינדער, ווערט ער זעהענדיג. ווואלטען דאס די בלינדע געוואוסט, וואלטען א סך צוריק באקומען די ראיה." ווי דער שניידער האט דאס דערהערט, האט ער גענומען זיין שנאפּטיכעלע, צוגעלעגט עס צום גראז און אז ס׳איז נאס געווארען פון דער ראסע, האט ער זיך אויסגעוואשט דערמיט די אויגען. איז טאקי תּיכּף מקוים געווארען, וואס דער געהאנגענער האט געזאגט און א פּאר פרישע געזונדע אויגען האבען געקוקט אין דער וועלט אריין. ס׳האט נישט לאנג געדויערט, האט דער שניידער געזעהן די זון אויפגעהן פון אונטער די בערג. פאר אים, אין טאל איז געלעגען די הויפּטשטאט מיט אירע גאר פּראכטיגע טויערן און די הונדערטער טערמער און די גאלדענע קנעפּ און די צלמים, וואס זענען געווען אויף די שפּיצען, האבען גענומען גליהען. ער האט געקענט באטראכטען יעדעס בלעטעל אויף די בוימער, געזעהן די פייגעל, וואס זענען אדורך געפלויגען און די פליגעלעך, וואס האבען ארומגעטאנצט אין דער לופטען. האט ער ארויסגענומען א נאדעל פון דער קעשענע און געפּרווט אריינצילען א פאדים און זיין הארץ האט אים געקלאפּט פאר גרויס פריידי, זעהענדיג, אז ער האט עס געקאנט פונקט אזוי ווי פריהער. איז ער געפאלען כּורעים און געדאנקט גאט פאר דעם חסד, וואס ער האט מיט אים געטון; ער האט אויך נישט פארגעסען תּפלה צו טון פאר די צוויי זינדער, וואס זענען געהאנגען, ווי דאס צינגעל אין גלאק, און דער ווינד האט זיי געווארפען אהין און אהער. דערנאך האט ער גענומען זיין פּעקעל אויף די פּלייצעס, פארגעסען באלד די צרות, וואס ער האט איבערגעשטאנען און איז זינגענדיג און פייפענדיג ווייטערגעגאנגען.

דאס ערשטע וואס ער האט באגעגענט, איז געווען א ברוין לאשעקעל, וואס איז זיך פריי ארומגעשפּרונגען אין פעלד. האט ער עס אנגעכאפּט ביי די האר, געוואלט זיך אויפ־זעצען און רייטען אין שטאט אריין. האט אים אבער דאס לאשעקעל שטארק געבעטען, אז ער זאל עס לאזען פריי: „כ׳בין נאך צו יונג", האט עס געזאגט, „אפילו אזא שניידערל ווי דו, קען מיר צוברעכען דעם ריקען, לאז מיך אָב, ביז כ׳וועל שטארק ווערען. ס׳וועט אפשר קומען א צייט, וועל איך דיר קענען אבדינען." — „טא נעם דיר דעם דרך", האט דער

שניידער געזאגט, „כ'זעה דו ביזט אויך אזא לייכטער פויגעל." ער האט אים נאך געגעבען א שמיס מיט א פריטקעלע איבער דעם ריקען, אז ס'האט פאר פרייד געטון א שפרונג אויף מיט די הינטערשטע פיס און איז אנטלאפען איבער טאל און בערג ווייטער אין פעלד אריין.

אבער דאס שניידערל האט פון נעכטען אן גארנישט געהאט געגעסען, „די זון", האט ער געזאגט, „פולט מיר טאקי אן די אויגען, אבער קיין ברויט נישט דאס מויל. דאס ערשטע, וואס ס'וועט זיך מיר טרעפען און נאר זיין צום עסען, וועט מוזען זיין גענוג." דערווייילע איז זיך א בושיק גאנץ פאמעליך איבער דער לאנקע אדורך שפאצירט, „ווארט, ווארט", האט דער שניידער געזאגט, און אים גענומען פאר א פוס, „איך ווייס נישט, צי קען מען דיך עסען, אבער מיין הונגער לאזט מיך נישט לאנג קלערען, כ'מוז דיר אבשניידען דעם קאפ און דיך בראטען." „טו עס נישט", האט דער בושיק געענטפערט, „איך בין א הייליגער פויגעל, וואס טוט קיינעם קיין שלעכטס נישט און ברענגט דעם מענשען גרויסע גוצען, ווערסטו מיך לאזען לעבען, וועל איך עס דיר אן אנדערמאל אבדינען" — „טא געה'זשע דיר דיין וועגס, פעטער לאנגפוס", האט דער שניידער געזאגט. האט דער בושיק אויפגעהויבען די קרילעס, געלאזט נאכהענגען די לאנגע פיס און איז זיך פאמעליך אוועקגעפלויגען.

„וואס זאל איך טון?", האט דער שניידער צו זיך א זאג געטון, „מיין הונגער ווערט כסדר גרעסער און מיין מאגען וואס לייַדיגער. וואס ס'וועט מיר איצט קומען אין וועג אריין, מעג באצייטענס שוין זאגען ודוי." דערווייילע האט ער דערזעהן ארומשווימען אויף א טייך א פאר יונגע קאטשקעס. „איר קומט טאקי ווי גערופען", האט ער א מאך געטון, געפאקט איינע און איר געוואלט אבדרעהען דעם קאפ. האט אן אלטע קאטשקע, וואס איז געלעגען אין געמויזעכץ, גענומען שטארק שרייען, איז מיט אן אפענעם שנאבעל צוגעשווימען און האט איהם בתחנונים געבעטען, ער זאל רחמנות האבען אויף אירע ליבע קינדערלעך. „דערמאן דיך נאר", האט זי געזאגט, „ווי דיין מוטער וואלט געיאמערט, ווען ס'וואלט דיך עמיצער צוגענומען און דיך געוואלט הרג'ענען." — „זיי שטיל, גאט איז מיט דיר" — האט דער גוט־הארציגער שניידער געענפערט, „כ'וועל דיר דיינע קינדער צוריקגעבען", און האט די גע־כאפטע קאטשקע ווידער ארייַנגעלאזט אין וואסער אריין.

ווי ער האט זיך אומגעקערט, איז ער געשטאנען פאר אן אלטען בוים, וואס איז געווען האלב אויסגעהוילט. האט ער געזעהן די ווילדע בינען פליהען אריין און ארויס. „אט האב איך טאקי שוין דעם לוין פאר מיינע גוטע מעשים", האט דער שניידער געזאגט, „כ'וועל מיך אביסעל דערלאבען מיט'ן האניג." איז ארויסגעקומען דער קיניג, האט איהם אן התראה געטון און געזאגט: „אויב דו וועסט דיך דערוועגען אנצורירען מיין פאלק און צעשטערען מיין נעסט, וועלען דיר אונזערע גיפטען ווי צעהנטויזענד גליהענדיגע נאדלען אריין אין דער הויט. ווערסטו אונז אבער לאזען צופרידען און גיין דיין וועגס, וועלען מיר דיר אן אנדער מאל אבטון א טובה."

האט דאס שניידערל געזעהן, אז ער האט אויך דא קיין אנדערע ברירה נישט. „דריי שיסלען ליידיג", האט ער געזאגט, „און אויף דער פירטער קיין איינצייכעניש נישט, דאס איז א גאר שלעכטע מאלצייט." האט ער זיך מיט זיין אויסגעהונגערטען מאגען ווייטער געשלעפט אין שטאט אריין און ווייל ס'האט גראד געקלונגען צוועלף, איז אין גאסטהויז שוין אלץ געווען גרייט און ער האט זיך טאקי געקענט זעצען צום טיש. נאכדעם ווי ער איז

געוואָרען זאַט, האָט ער געזאָגט: „איצט וויל איך אַרבייטען.“ איז ער אַרומגעגאַנגען אין שטאָט אַריין, געזוכט אַ מייסטער און האָט אויך באַלד געפונען אַ גוטע פּאָסטען. און מחמת ער האָט זיין מלאכה זעהר גוט געקאָנט, האָט עס נישט לאַנג געדויערט און ער האָט באַלד באַקומען אַ שם און יעדער האָט געוואָלט טראָגען אַ מלבוש פון זיין האַנד. יעדען טאָג איז אַלץ געוואַקסען זיין שם. „כ׳קען גאַרנישט צולערנען אין מיין מלאכה און דאָך גייט עס מיר יעדען טאָג אַלץ בעסער.“ לסוף האָט אים דער קיניג געמאַכט פאַר זיין הויף־שניידער.

אָבער וואָס ס׳קען זיך טרעפען אויף דער וועלט. דעם זעלבען טאָג איז זיין אַמאָליגער חבר, דער שוסטער, אויך געוואָרען הויף־שוסטער. ווי דער דאָזיגער האָט דער־זעהן דעם שניידער און אַז ער האָט ווידער געהאַט צוויי געזונדע אויגען, האָט ער שטאַרק מורא באַקומען. „איידער ער וועט זיך אָן מיר נוקם זיין“, האָט ער אַ טראַכט געטון ביי זיך, „מוז איך אים אַ פריהער אויסגראָבען אַ גרוב.“ אָבער ווער ס׳גראָבט דעם אַנדערן אויס אַ גרוב, פאַלט אַליין אַריין. פאַרנאַכט, נאָכדעם ווי ער האָט אַוועקגעלעגט די אַרבייט איז ער בסוד סודות אַוועק צום קיניג און האָט געזאָגט: „אדוני קיניג, דער שניידער איז אַ גאָר מאָדנע בריאה און האָט זיך באַרימט, אַז ער קען ברענגען די גאָלדענע קרוין, וואָס איז אין אַמאָליגע צייטען פאַרלוירען געגאַנגען.“ — „דאָס איז ביי מיר גאָר חשוב“, האָט זיך אָנגערופען דער קיניג, געלאָזט אין דער פריה רופען דעם שניידער און האָט אים געגעבען דעם באַפעל, צו ברענגען די קרוין, אַז נישט וועט ער מוזען פאַרלאָזען די שטאָט אויף אייביג. „אַ נאַר גיט מער ווי ער האָט“, האָט דער שניידער אַ טראַכט געטון „אויב דער ברוגז׳ער קיניג פאַרלאַנגט פון מיר, וואָס ס׳קען קיין שום מענש נישט אויספירען, וויל איך נישט וואַרטען ביז מאָרגען, נאָר טאַקי היינט אַוועק פון דער שטאָט.“ האָט ער צונויפגעפּאַקט זיין פּעקיל, ווי אָבער ער איז אַרויסגעגאַנגען פון׳ם טויער האָט אים באַלד באַנג געטון, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט זיין גוטע פּרנסה און די שטאָט וואו ס׳איז אים אַזוי גוט געגאַנגען. איז ער געקומען צו דעם טייך, וואו ער האָט זיך באַקאַנט מיט די קאַטשקעס. איז זיך געזעסען די אַלטע, וועמען ער האָט אָבגעגעבען די יונגע קאַטשקעלעך ביים ברעג און האָט זיך געפוצט מיט׳ן שנאָבעל. זי האָט אים תיכף דערקאַנט און איהם געפרעגט, פאַרוואָס ער איז אַזוי פאַרמרה־שחורה׳ט. „דו וועסט דיך גאַרנישט חידוש׳ן, אַז דו וועסט געוואָהר ווערען, וואָס ס׳האָט זיך מיר געטראָפען“, האָט געענטפערט דער שניידער און איר דערצעלט זיין פינסטער מזל. „אויב נאָר דאָס“, האָט זיך אָנגערופען די קאַטשקע, „קען מען געפונען אַן עצה. די קרוין איז אַריינגעפאַלען אין וואַסער אַריין און ליגט היגטען אויפ׳ן גרונד, אין אַ רגע וועל איך זי ווידער האָבען. שפּרייט נאָר דערווייל אויס דיין פאַטשיילע ביים ברעג.“ האָט זי זיך מיט אירע צוועלף קאַטשקעלעך אונטערגעטונקען און נאָך פינף מינוט איז זי ווידער געוועזען אויבען, טראָגענדיג די קרוין אויף אירע קרילעס און די צוועלף קאַטשקעלעך זענען אַרומגעשוואומען אַרום איר, די שנעבעלעך אונטער די קרילעכער און געהאָלפען טראָגען. זיי זענען צוגעשוואומען צום ברעג און האָבען אַנידערגעלעגט די קרוין אויפ׳ן טיכעלע. קענסטו דיך שוין משער זיין, ווי פּראַכטיג די קרוין איז געוועזען, אַז די זון האָט אויף איר געשיינט, זי האָט געלויכטען ווי הונדערטטויזענד דימענטען. דער שניידער האָט צונויפגעבונדען זיין טיכעלע מיט אַלע פיר עקען און געטראָגען זי צום קיניג, וואָס איז גאָר נתפּעל געוואָרען און האָט אָנגעהאַנגען דעם שניידער אַ גאָלדענע קייט אויפ׳ן האַלז.

ווי דער שוסטער האט דערזעהן, אז ס'איז אים נישט געלונגען די חכמה, האט ער אויסגעטראכט א צווייטע, איז פארגעטרעטען פאר דעם קיניג און האט אזוי געזאגט: „אדוני קיניג, דער שניידער איז ווידער אזוי האפערדיג געווארען, ער בארימט זיך, אז ער קען דעם גאנצען קיניגליכען פאלאץ, העט בכל מכל אראבנעמען אויף וואקס און אויב ער וועט עס נישט קענען, אדער אז ס'וועט נאר פעהלען א טשוועקעל אויף דער וואנד, אזוי זאל מען אים פארמשפטן צו זיצען זיין לעבען לאנג געפאנגען אונטער דער ערד.“ האט דער שניידער א טראכט געטון: „ס'ווערט וואס אמאל ארגער, דאס קען קיין מענש נישט אויסהאלטען“, גענומען זיין פעקיל אויף די פלייצעס און איז אוועקגעוואנדערט. ווי ער איז געקומען צו דעם אויסגעהוילטען בוים, האט ער זיך אנידערגעזעצט און איז געווען מלא יסורים. זענען די בינען געקומען צו פליהען און דער עלצטער פון זיי, האט אים געפרעגט, צי ער האט עפעס אויפ'ן האלז, מחמת ער האלט דעם קאפ אזוי קרום. „ניין“, האט געענפערט דער שניידער, „מיך קוועטשט עפעס אן אנדערע זאך“ און האט דערצעלט, וואס דער קיניג פאדערט פון אים. האבען די בינען געגומען זשומען און ברומען צווישען זיך און זייער עלצטער האט זיך אנגערופען: „גיי נאר ווידער אהיים, קום אבער מארגען צוריק צו דערזעלבער צייט און ברענג מיט א גרויס טיכעל, וועט אלץ שוין גוט ווערען.“ האט ער זיך ווידער אומגעקערט, די בינען אבער זענען געפלויגען צום קיניגליכען פאלאץ גלייך אין די אפענע פענסטער אריין, ארומגעקראכען אין אלע עקען און זיך אומעדום גאר פונקטליך ארומגעקוקט. דערנאך זענען זיי צוריקגעלאפען און נאכגעמאכט מיט וואקס דעם פאלאץ אזוי גיך, אז מ'האט געקענט מיינען, אז מ'זעהט אים וואקסען מיט די אויגען. פארנאכט צו איז אלץ שוין פארטיג געווען און אז דער שניידער איז געקומען צו גיין דעם אנדערען אין דער פרי, איז געשטאנען פאר אים פיקס און פארטיג דאס גאנצע וואונדערליכע געביי. ס'האט נישט געפעהלט קיין טשוועקעל אויף דער וואנד און קיין ציגעל אויפ'ן דאך; דערצו איז עס נאך געווען גאר קונציג און ווייס ווי שניי און האט געשמעקט זיס ווי האניג. דער שניידער האט עס פאמעליך איינגעפאקט אין זיין טיכעל און עס געבראכט דעם קיניג. האט ער זיך נישט געקענט גענוג פארחידושן, אנידערגעשטעלט עס אין זיין שענסטען זאל און געשענקט דעם שניידער דערפאר א גרויס שטיינערן הויז. דער שוסטער אבער האט דערמיט אויך קיין גענוג נישט געהאט, איז ער צום דריטען מאל פארגעטרעטען פאר'ן קיניג און האט געזאגט: „אדוני קיניג, דער שניידער האט געהערט, אז אין הויף פונ'ם פאלאץ וויל קיין וואסער נישט שפרינגען, האט ער זיך אונטערגענומען, אז ס'זאל שפריצען דריי אייל די הויך און זיין ווייס ווי קרישטאל.“ האט דער קיניג געלאזט רופען דעם שניידער און געזאגט: „אז ס'וועט מארגען נישט שפרינגען דאס וואסער אין הויף כפי דו האסט צוגעזאגט, וועט דיך דער תלין אויף דעמזעלבען הויף קורצער מאכען מיט א קאפ.“ דער ארימער שניידער האט קיין סך נישט געקלערט און איז אוועק צום טויער און ווייל ס'האט אים איצט געקענט קאסטען דאס לעבען, זענען אים גערינען די טרערען איבער די באקען. און ווי ער איז אזוי טרויעריג ארומגעגאנגען, איז געקומען צו לויפען דאס לאשעקעלי, וועמען ער האט אמאל געשענקט די פרייהייט און וואס איז איצט אויסגעוואקסען און געווארען א שיין ברוין פערדי. „איצט איז געקומען די צייט“, האט עס צון אים געזאגט, „אז איך זאל דיר פארגעלטען דאס גוטס, וואס דו האסט אין מיר געטון, איך ווייס שוין, וואס ס'פעהלט דיר, אבער דו וועסט באלד געהאלפען ווערען. זעץ דיך נאר אויף, מיין ריקען קען אויסהאלטען צוויי אזעלכע ווי דו ביזט.“ דער שניידער

איז א ביסעל צו זיך געקומען, ארויף מיט איין שפרונג און דאס פערד איז אין גרעסטען גאלאפּ אוועק אין שטאט אריין און גלייך צו צום הויף פונ׳ם פּאלאץ. איז עס דריי מאל געלאפען ארום און ארום, גיך ווי א בליץ און ביים דריטען מאל איז עס אנידערגעפאלען. אין דער זעלביגער מינוט אבער האט אנגעהויבען גאר פארכטערליך צו קראכען: א שטיק ערד איז ארויסגעשפרונגען אינמיטען דעם הויף און איז געפלויגען ווי א קוגעל אין די לופטען אריבער דעם פּאלאץ, און תיכף דערנאך האט גענומען שפריצען וואסער, אזוי הויך, ווי א רייטער מיט א פערד און דאס וואסער איז געווען אזוי ריין ווי קרישטאל און די שטראלען פון דער זון האבען גענומען טאנצען דערויף.

ווי דער קיניג האט דאס דערזעהן, איז ער פאר גרויס חידוש אויפגעשטאנען, צוגעגאנגען צום שניידער און אים געהאלזט פאר אלעמענס אויגען.

אבער דאס גליק האט נישט לאנג געדויערט. דער קיניג האט געהאט טעכטער גענוג, איינע שענער פאר דער אנדערער, אבער קיין זון נישט. איז דער בייזער שוסטער צום פירטען מאל פארגעטרעטען פארן קיניג און האט געזאגט: "אדוני קיניג, דער שניידער איז אלץ נאך מוטווילליג. איצט האט ער זיך בארימט, אז ווען ער וואלט וועלען, וואלט ער געקאנט דעם קיניג דורך די לופטען לאזען אראבברענגען א זון." דער קיניג האט געלאזט רופען דעם שניידער און געזאגט: "וועסטו מיר ביז ניין טאג לאזען ברענגען א זון, וועל איך דיר געבען מיין עלצטע טאכטער פאר א ווייב."

— "דער לוין איז טאקי א גרויסער," האט דאס שניידערל א טראכט געטון, "כ׳וואלט אפילו געטון א יתר־שאת, אבער די קארשען הענגען מיר צו הויך; וועל איך ארויפקריכען, וועט זיך אונטער מיר צוברעכען דער צווייג און איך וועל אראבפאלען." ער איז געגאנגען אהיים, געזעצט זיך מיט פארוואָרפענע פיס אויף זיין ארבייטס־טיש און האט זיך באקלערט, וואס ס׳איז צו טון. "כ׳האב קיין אנדערע ברירה נישט," האט ער זיך צום סוף אנגערופען, "כ׳וויל אוועק, דא קען איך נישט לעבען בשלוה." האט ער גענומען זיין פעקיל און איז אוועק צום טויער פון דער שטאט. ווי ער איז געקומען אויף דער לאנקע ארויף, האט ער דערזעהן זיין אלטען פריינד, דעם בושיק, וואס איז זיך ארומשפא־צירט, ווי א פילאזאף, געגאנגען ארויף און אראב, צומאל געבליבען שטיין, צומאל גע־נומען באטראכטען א זשאבע און זי צום סוף פארשלונגען. דער בושיק איז צוגעקומען און האט אים אבגעגעבען א ברייטען "שלום־עליכם". "איך זעה," האט ער זיך אנגע־רופען, "אז דו טראגסט דאס רענצעל אויף די פּלייצעס. פארוואס פארלאזטו די שטאט?" האט אים דער שניידער דערצעלט, וואס דער קיניג פארלאנגט פון אים און געקלאגט גיך איבער זיין ביטער מזל. "לאז דיר נישט וואקסען קיין גראהע האר", האט דער בושיק געזאגט, "כ׳וועל דיר העלפען אין דער צרה. שוין גאר לאנג ברענג איך די וויקעלקינדער אין שטאט אריין, טא וועל איך אויך קענען א קליינעם בן־מלך ארויסשלעפען פון דעם ברונעם. גיי נאר אהיים און זיי שטיל. פון היינט אין ניין טאג ארום גיי אין קיניג־ליכען פּאלאץ אריין, וועל איך דעמאלט קומען צו גיין." דאס שניידערל איז אהיים געגאנגען און איז געקומען אין א גוטער שעה דעם נייגטען טאג אין פּאלאץ אריין. ס׳האט נישט געדויערט קיין סך, איז געקומען צו פליהען דער בושיק און האט געקלאפּט אין פענסטער. דער שניידער האט אים געעפענט, און פעטער לאנגפוס איז זיך גאר ברייטליך אריינגעקומען און איז זיך גאר בכבודיג געגאנגען איבער דער מערמעלנער בריק; און געהאלטען אין זיין שנאבעל האט ער א קינד, וואס איז אזוי שיין געווען ווי א מלאך

וקא האט זיינע הענטעלעך אויסגעשטרעקט צו דער קיניגין. האט ער עס איר אריינגעלעגט אין שויס אריין און זי האט עס געהארצט און געקושט און איז געווען אויסער זיך פאר פריידי. דער בושיק האט איידער ער איז אוועקגעפלויגען, אראבגענומען זיין רייזעטעשיל פון די פלייצעס און געגעבען עס דער קיניגין. זענען געווען אינעווייניג שקארמוצלעך מיט פארשידענע צוקערלעך, מ׳האט זיי פארטיילט צווישען די פרינצעסינען. דער עלצטער אבער האט מען גארנישט געגעבען, נאר דעם לוסטיגען שניידער פאר א מאן „ס׳איז מיר אזוי אויפן הארצען”, האט דער שניידער געזאגט, „גלייך כ׳וואלט אויסגעשפילט א הויפט-טרעפער. מיין מאמע האט דאך רעכט געהאט, זי האט תמיד געזאגט, ווער ס׳האט בטחון צו גאט און נאך א ביסעל מזל דערצו, דעם קען עס נישט שאטען.”

דער שוסטער האט געמוזט מאכען די שיך, אין וועלכע דאס שניידערל האט געטאנצט אויף דער חתונה, דערנאך האט מען אים געגעבען דעם באפעל צו פארלאזען די שטאט אויף תמיד. דער וועג אין וואלד האט אים געפירט צו דער תליה, מיד פון צארן, פון היץ און פון בושה, האט ער זיך אנידערגעלעגט. ווי ער האט די אויגען צוגעמאכט און געוואלט אנטשלאפען ווערען, זענען די צוויי קראהען מיט גרויס געפילדער אראבגעשפרונגען פון די קעפּ פון די געהאנגענע און האבען אים אויסגעפיקט די אויגען. ווי א משוגענער איז ער ארומגעלאפען אין וואלד און איז דארט אומגעקומען אודאי, ווייל ס׳האט קיינער נישט געהערט פון אים און ס׳איז פון אים קיין סליעך נישט איבערגעבליבען.

# רויט־הייבעלע.

געווען אמאל א קליין חנעוודיג מיידאלע, האט עס יעדער ליב באקומען, וואס האט עס נאר אנגעקוקט, איר באבע אבער האט עס אזוי ליב געהאט, אז זי האט אזש גארנישט געוואוסט, וואס אלץ זי זאל געבען דעם קינד. איינמאל האט זי אים געשענקט א הייבעלע פון רויטען סאמעט, און ווייל ס׳האט אים דאס הייבעלע אזוי גוט געפּאסט און ס׳האט נישט געוואלט אנטון עפּעס אנדערש, האט מען עס נאר גערופען רויט־הייבעלע. איינמאל האט איר די מוטער א זאג געטון: „קום, רויט הייבעלע, אט האסטו א שטיק קוכען און א פלאש וויין, טראג זיי אב דער באבע; זי איז קראנק און שוואך און וועט זיך דערמיט דערקוויקען דאס הארץ. גיי אוועק, נאך איידער ס׳וועט ווערען הייס און אז דו וועסט גיין אויפן וועג, זאלסטו גיין פיין און ציכטיג און דיך נישט פארבלאנדזשען, אז נישט וועסטו פאלען און צוברעכען דאס גלאז און די באבע וועט גארנישט האבען. און אז דו וועסט אריינקומען אין שטוב אריין, זאלסטו נישט פארגעסען גוט מארגען צו ביטען און דיך נישט אויסקוקען א פריהער אין אלע ווינקלען.”

„כ׳וועל מאכען אלץ, ווי ס׳בעדארף צו זיין”, האט רויט הייבעלע זיך אנגערופען צו דער מוטער, און האט איר געגעבען דערויף די האנד. די באבע אבער האט געוואוינט העט ווייט אין וואלד, א האלבע שעה וועגס פונ׳ם דארף. אז רויט־הייבעלע איז אנגעקומען אין וואלד אריין, האט אים באגעגענט דער וואלף. האט אבער רויט־הייבעלע נישט געוואוסט, וואס דאס איז פאר א מין חיה רעה, און האט דעריבער קיין מורא נישט געהאט. „גוט העלף, רויט הייבעלע”, האט ער געזאגט. „א גוט יאהר, וואלף.” — „וואו אהין אזוי

פריה, רויט הייבעלע ?״ — ״צו דער באבע״. — ״וואס טראגסטו אונטערן שירצעלע ?״ — ״וויין און קוכען ; מיר האבען נעכטען געבאקען, זאל עס דער קראנקער און שוואכער באבע וואויל באקומען און איר זיין א רפואה.״ — „רויט־הייבעלע, וואו וואוינט דיין באבע ?״ — „א מהלך פון א גוט פערטעל שעה ווייטער אין וואלד, אונטער די דריי גרויסע סאסנעס, דארטען שטייט איהר הויז, הינטען זענען האזעננים קארטשעקלעך, דאס ווייסטו דאך וויסען״ האט רויט־הייבעלע געענטפערט. האט דער וואלף א טראכט געטון ביי זיך : „דאס יונגע צארטע נפשל, דאס איז א פעטער ביסען, פון אים וועט מען נאך מעהר הנאה האבען, ווי פון דער אלטער ; דו מוזט פאלען אויף א ספאסיב, אזוי, אז דו זאלסט ביידע דערשנאפען.״ איז ער א שטיקעלע געגאנגען נעבען דעם רויט־הייבעלע, דערנאך האט ער געזאגט : „רויט־הייבעלע, קוק דיר נאר אן די שיינע בלומען, וואס שטייען ארום אונז, פארוואס קוקסטו דיך נישט אום ? דאכט זיך, דו הערסט גארנישט ווי שיין די פייגעלעך זינגען ? דו גייסט אזוי פארטראכט, גלייך דו וואלסט געגאנגען אין שול אריין, און ס׳איז דאך אזוי שיין, צו הוליען א ביסעלע אין וואלד.״

האט רויט־הייבעלע געעפענט די אויגען און געזעהן, ווי די שטראלען פון דער זון טאנצען אהין און אהער דורך די ביימער און ארום און ארום שטייען פול שיינע בלומען, האט עס געטראכט : „אז איך וועל ברענגען דער באבע א פרישע קווייט בלומען, וועט זי זיך גאר פרייען ; ס׳איז נאך גאר פריה און איך וועל נאך אנציהען צו דער רעכטער צייט.״ איז עס אראבגעלאפען פונ׳ם וועג, טיף אין וואלד אריין און האט געזוכט בלומען. און אז ס׳האט אלץ אבגעבראכען איינע, האט עס געמיינט, אז ווייטער שטייט נאך א שענערע, איז עס גאכגעגאנגען און איז אלץ טיפער אריין אין וואלד אריין. דער וואלף אבער איז געגאנגען גלייכוועגס צום הויז פון דער באבע און האט א קלאפ געטון אין דער טיר. „ווער איז דארטען ?״ ״רויט־הייבעלע, כ׳ברענג קוכען און וויין, מאך אויף.״ „טו נאר א קוועטש די קלאמקע״, האט זיך אנגערופען די באבע, „כ׳בין צו שוואך און קען נישט אויפשטיין.״ האט דער וואלף א קוועטש געטון די קליאמקע, האט זיך געעפענט די טיר און ער איז גלייך צו צום בעט פון דער באבע, נישט געזאגט קיין ווארט און האט זי איינגעשלינגען. דערנאך האט ער זיך אנגעטון אירע קליידער, אנגעטון איר מיץ, אריינגעלעגט זיך אין איר בעט אריין און צוגעמאכט די לאדען.

רויט־הייבעלע איז ארומגעלאפען נאך בלומען און אז זי האט אזוי פיל צונויפגעקליבען, אז זי האט זיי נישט געקענט דערטראגען מער, האט זי זיך ווידער דערמאנט אן דער באבע און געלאזט זיך אין וועג אריין. האט עס זיך פארחידושט, וואס די טיר איז געווען אפען און אז זי איז אריינגעקומען אין שטוב אריין, האט עס דארט אזוי מאדנע אויסגעזעהן, אז ס׳האט א טראכט געטון : „גוטער גאט, וואס איז מיר היינט אזוי אומעטיג און כ׳בין דאך כסדר אזוי גערן ביי דער באבע !״ — האט עס גערופען : „גוט מארגען״, אבער נישט באקומען קיין ענפער. איז עס צוגעגאנגען צום בעט און האט געעפענט די לאדען : איז זיך געלעגען די באבע, די מיץ טיף איבערן פנים אריבער און האט אויסגעזעהן גאר וואונדערליך. „אוי, באבעשי, וואס האסטו א זעלכע גרויסע אויערן !״ — ״כדי כ׳זאל דיך קענען אויסהערען בעסער.״ „אוי, באבעשי, וואס פארא גרויסע אויגען דו האסט !״ — „כדי כ׳זאל דיך קענען זעהען בעסער.״ „אוי, באבעשי, וואס פארא גרויסע הענד דו האסט !״ — „כדי כ׳זאל דיך קענען אננעמען בעסער.״ „אבער, באבעשי, וואס פארא מורא׳דיג גרויס מויל דו האסט !״ — ״כדי כ׳זאל דיך קענען פרעסען בעסער.״ קוים האט דאס דער וואלף

א זאג געטון, איז ער מיט איין שפרונג ארויס פונ׳ם בעט און האט איינגעשלונגען דאס ארימע רויט־הייבעלע.

דערנאך ווי דער וואלף האט געשטילט זיין תאוה, האט ער זיך צוריקגעלעגט אין בעט אריין, איז אנטשלאפען געווארען און אנגעהויבען כראפען אויף א הויכען קול.



איז דער יעגער גראד דורכגעגאנגען פארן הויז און געטראכט: „וואס כראפעט די אלטע אזוי, מ׳מוז א קוק טון, צי ס׳פעלט איהר עפעס נישט.” איז ער אריינגעגאנגען אין שטוב אריין און ווי ער איז צוגעקומען צום בעט, האט ער דערזעהן, אז דער וואלף ליגט דערינען. „ביזטו טאקי דא, דו אלטער בעל עברה׳ניק” האט ער א זאג געטון, „כ׳האב דיך

שוין לאַנג געזוכט.‟ האָט ער אים געוואָלט דערשיסן מיט דער ביקס, איז אים איינגע־פאַלן, אַז דער וואָלף האָט אפשר אויפגעפרעסן די באָבעשי, און מ׳וואָלט זי נאָך געקענט ראַטעווען; האָט ער טאַקי נישט געשאָסן, נאָר גענומען אַ שער און אָנגעהויבן אויפ־שניידן דעם בויך פון דעם שלאָפנדיקן וואָלף. ווי ר׳האָט נאָר געטון אַ פּאָר שניט, האָט אַרויסגעבלישטשעט דאָס רויט־הייבעלע און נאָך אַ פּאָר שניט, איז דאָס מיידעלע אַרויסגע־שפּרונגען און האָט גערופן: „אַך, ווי האָב איך מיך דערשראָקן און ווי טונקעל עס איז געווען אין׳ם וואָלף׳ס בויך!‟ און דערנאָך איז אויך אַרויסגעקומען לעבעדיג די אַלטע באָבעשי און קוים נאָך געקענט אָטעמען. רויט־הייבעלע אָבער האָט אין דער גיך צונויפגע־טראָגן גרויסע שטיינער, דערמיט האָבן זיי אָנגעפילט דעם וואָלף׳ס קעליעך און אַז ער איז דערוואַכט, האָט ער געוואָלט אַוועק, אָבער די שטיינער זענען געווען אַזוי שווער, אַז ער איז תּיכּף אַנידערגעפאַלן און זיך צוקלאַפּט אויף טויט.

האָבן זיי זיך אַלע דריי זעהר געפרייט; דער יעגער האָט אַראָבגעצויגן די פעל פון׳ם וואָלף און איז אַהיים געגאַנגען דערמיט, די באָבעשע האָט געגעסן דעם קוכען און געטרונקען דעם וויין וואָס רויט־הייבעלע האָט געבראַכט און איז ווידער צו זיך געקומען, רויט־הייבעלע אָבער האָט געטראַכט: דו וועסט שוין קיינמאָל נישט מער אַליין אַוועק אין וואַלד אַריין, אַז די מאַמע וועט נישט הייסן.

# גאָטס שפּייז.

ס׳זענען אַמאָל געווען צוויי שוועסטער, האָט איינע נישט געהאַט קיין קינדער און איז געווען אַ רייכע, די אַנדערע אָבער איז געווען אַן אלמנה מיט פינף קינדער און איז געווען אַזוי אָרים, אַז זי האָט אַפילו קיין ברויט נישט געהאַט צו זעטיגען זיך און די קינדער. איז זי אין דער נויט געקומען צו דער שוועסטער און האָט צו איר געזאָגט: „איך מיט מיינע קינדער לאַז מיך אויס פאַר הונגער, גיב מיר אַ ביסען ברויט.‟ די נגידית׳טע איז אָבער אויך טאַקי האַרט געווען ווי אַ שטיין און האָט איר געענטפערט: „כ׳האָב אַליין גאָרנישט אין הויז ביי מיר‟, און האָט די אָרימע אַרויסגעוואָרפן מיט זלזולים און בייזע ווערטער. אין אַ צייט אַרום איז דער מאַן פון דער רייכער שוועסטער אַהיימגעקומען און האָט געוואָלט זיך אָבשניידן אַ שטיק ברויט. ווי אָבער ער האָט געטון דעם ערשטען שניט, איז אַרויסגע־שפּריצט רויט בלוט. האָט דאָס די פרוי דערזעהן, איז זי זעהר דערשראָקן געוואָרען און האָט אים דערציילט, וואָס ס׳האָט זיך איר געטראָפן. איז ער צוגעלאָפן אַהינצו און געוואָלט העלפען. ווי ער איז אָבער אַריינגעקומען אין דער שטוב פון דער אָרימער אלמנה, האָט ער זי געטראָפן תּפילה טון צו גאָט; די ביידע יינגסטע קינדער האָט זי געהאַלטען אויף די הענד די דריי עלצטע זענען געלעגען אויף דר׳ערד און געווען טויט. האָט ער איר געוואָלט געבען עסען, זי אָבער האָט געענטפערט: „נאָך מענשענס גאָב, טוען מיר נישט גלוסטען מער; דריי האָט גאָט שוין געזעטיגט, ער וועט אויך אונזער תּפילה פאַרנעמען.‟ קוים האָט זי נאָר אַרויסגערעדט די דאָזיגע ווערטער, האָבן די צוויי קליינע קינדער געלאָזט די נשמה און באַלד דערויף איז זי אויך אַנידערגעפאַלען אַ טויטע.

# דער גאלדענער שליסעל.

איינמאל אין ווינטער, אז דער שניי איז געווען זעהר טיף, האט אן ארים ייִנגעל געמוזט ארויסגיין אין וואלד אריין און ברענגען האלץ אויף א שליטעלע. נאכדעם ווי ער האט ארויסגעזוכט דאס האלץ און אויפגעלאדען עס אויף דעם שליטעלע, האט ער געוואלט פריהער, ווייל ער איז געווען דערפרוירען, אנלעגען א פייער און זיך אביסעלע דערווארעמען. האט ער אוועקגעשארט דעם שניי און ווי ער איז געקומען צו דער ערד, האט ער געפונען א קליין גאלדען שליסעלע. האט ער א טראכט געטון, אז וואו ס'איז פארהאן א שליסעלע, מוז זיך אויך געפונען דאס שלאָס דערצו. האט ער געגראבען אין דער ערד און געפונען אן אייזערן קעסטעלע.

„צי דער שליסעל וועט נאר פאסען!" האט ער א זאג געטון צו זיך, „ס'זענען זיכער דא דערין א סך טייערע זאכען." האט ער געזוכט און געזוכט, אבער נישט געפונען קיין לעכיל. ענדליך האט ער עס געפינען, ס'איז אבער געווען אזוי קליין, אז מ'האט עס קוים געקענט באמערקען. האט ער א פרווו געטון דאס שליסעלע און ס'האט גוט געפּאסט דערצו. האט ער איינמאל אויפגעשלאסען און איצט מוזען מירווארטען, ביז ער וועט האבען געעפענט איינגאנצען און אויפמאכען דאס דעקיל, וועלען מיר דעמאלט געוואר ווערען, וואס פאר א וואונדערליכע אוצרות ס'זענען געלעגען אין דעם קעסטעלע.

# דער פוקס און די קאץ.

ס'האט זיך געטראפען, אז די קאץ האט באגעגענט אין א וואלד דעם פעטער פוקס, און ווייל זי האט געמיינט, „ער איז קלוג און בהאווענט און איז א פארנעם אין דער וועלט", האט זי אים גאר פריינדליך באגריסט. „א גוטען מארגען אייך, ליבער פעטער פוקס, וויאזוי גייט עס אייך? וואס טוט איר? וויאזוי געהט עפּעס אייער פרנסה אין אט דעם גרויסען יקרות?" דער פוקס פול האפערדיגקייט און גדלות, האט געטון א מעסט אב די קאץ פון אויבען ביז אראב און האט לאנג געטראכט צי זאל ער איר ענטפערן. ענדליך האט ער זיך אנגערופען: "דו נארישע בעטלערין, דו פארהונגערטע מייזכאפּערין, וואס פעלט דיר איין? דו דערוועגסט דיך, מיך צו פרעגען, וויאזוי ס'גייט מיר? ביזטו מיין גלייכען? וואס האסטו געלערנט? וויפיל קונצען פארשטייסטו?" — "איך פארשטיי נאר איין איינציגע", האט געענטפערט עניוות'דיג די קאץ. „וואס איז דאס פאר אזוינע?", האט געפרעגט דער פוקס? „אז די הינד לויפען מיר נאך, קען איך ארויפשפּרינגען אויף א בוים און מיך ראטעווען." — „איז דאס אלץ, וואס דו קענסט?" האט זיך אנגערופען דער פוקס. „איך בין דער האר פון הונדערט קונצען און כ'האב א חוץ דעם נאך א גאנצען זאק מיט שטותשקעלעך. כ'האב רחמנות אויף דיר, קום מיט מיר, כ'וויל דיך שוין לערנען, וויאזוי מ'אנטלויפט פאר די הינד." דערווייל איז אנגעקומען א יעגער מיט פיר הינד, די קאץ איז גאר פלינק ארויפגעשפּרונגען אויף א בוים און האט זיך ארויפגעזעצט אויפן שפּיץ,

וואו די בלעטער און די צווייגען האבען זי אינגאנצען פארשטעלט. „בינד'ס אויף דעם זאק, פעטער פוקס, בינד'ס אויף דעם זאק", האט אים צוגערופען די קאץ, אבער די הינד האבען אים שוין געפאקט און אים נישט געלאזט ארויס. „אבעעעה, פעטער פוקס", האט זיך גערייצט מיט אים די קאץ, „אייערע הונדערט קונצען טויגען אויף כפרות. וואלט איר געוועזן געקענט ארויפשפרונגען, ווי איך, וואלט איר נישט געוועזן איינגעשטעלט אייער לעבען."

# דאס אייזעל.

געוועזן אמאל א קיניג מיט א קיניגען, זענען זיי געוועזן רייך און האבען געהאט אלץ, וואס זייער הארץ האט געגלוסט, נאר קיין קינדער נישט. האט זיך די קיניגען געקלאגט טאג און נאכט און האט געזאגט: „כ'בין אומטראכטיג ווי א פעלד, אויף וועלכען ס'וואקסט גארנישט." ענדליך האט גאט דערפולט איר וואונש און זי האט געווינען א קינד. אז דאס קינד איז צו דער וועלט געקומען, האט עס אבער נישט אויסגעזעהן ווי א מענשענס קינד, נאר ווי א יונג אייזעלע. ווי די מוטער האט דאס דערזעהן, האט זי ערשט רעכט גענומען יאמערן און קלאגען: זי וואלט ליבער גאר קיין קינד נישט געוואלט האבען, איידער אן אייזעל און האט געזאגט, אז מ'זאל עס ארייןווארפען אין וואסער אריין, כדי די פיש זאלען עס אויפפרעסען. דער קיניג אבער האט געזאגט: „ניין, אז גאט האט אים געגעבען, אזוי זאל ער טאקי אויך זיין מיין זון און מיין יורש, זאל ער טאקי זיצען נאך מיין טויט אויפ'ן קיניגליכען טרוין און טראגען די קיניגליכע קרוין." אזוי איז דאס אייזעלע אויפגעצויגען געווארען, געוואקסען אלץ גרעסער און די אויערן זענען אים אויך געוואקסען, שפיציג און גלייך ארויף. געוועזן איז עס אפילו גאר א פרייליכס, ס'איז ארומגעשפרונגען און האט זיך געשפילט און גאר ליב געהאט מוזיק, אזוי אז עס איז איינמאל אוועק צון א גאר בארימטען כלי־זמר און האט צון אים געזאגט: „לערן מיך אויס די קונץ, אז איך זאל אזוי גוט קענען שפילען אויפ'ן צימבעל ווי דו". — „אך, ליבער הער, דאס איז גאר א שווערע זאך, אייערע פינגער טויגען אפילו נישט דערצו, זיי זענען צו גרויס; כ'האב מורא, אז די סטרונעס וועלען עס נישט אויסהאלטען." ס'האבען אים נישט געהאלפען קיין טענות, דאס אייזעלע האט זיך איינגעשפארט און ער האט געמוזט לערנען שפילען אויפ'ן צימבעל און געוועזן איז עס פלייסיג און וואויל און האט צולעצט שוין געקענט אזוי גוט שפילען ווי זיין רבי. איינמאל איז זיך דאס פרינצעל געגאנגען שפאצירען, געוועזן גאנץ פארטראכט און איז געקומען צו גיין צון א ברונעם, האט עס אריינגעקוקט און געזעהן ווי עס שפיגעלט זיך אפ זיין אייזעלשע צורה. איז עס דערפאר געווארען אזוי טרויעריג, אז ס'האט זיך אוועקגעלאזט אין דער וועלט אריין און מיטגענומען מיט זיך נאר זיין געטרייעם חבר. זענען זיי געגאנגען אהין און אהער, צולעצט זענען זיי געקומען אין א מדינה אריין, וואו ס'האט געקיניגט אן אלטער קיניג, וואס האט נאר געהאט אן איינאיינציגע, אבער א וואונדערליך שיינע טאכטער. האט זיך דאס אייזעלע אנגערופען: „דא וועלען מיר פארבלייבען" א קלאפ געטון אין דעם טויער און האט געזאגט: „א גאסט איז אין דרויסען, מאכט אויף, כדי ער זאל קענען אריין." ווי מ'האט אבער נישט געעפענט, האט עס זיך אנידערגעזעצט, גענומען דעם צימבעל און אנגעהויבען

שפילען אויף אים מיט די צוויי פעדערשטע פיס גאר פיין און וואונדערליך. האט דער היטער פונ׳ם טויער מורא׳דיג אויפגעריסען די אויגען, איז געלאפען צום קיניג און האט געזאגט: „אין דרויסען פארן טויער זיצט א יונג אייזעלע, דאס שפילט אזוי גוט אויפ׳ן צימבעל, ווי א געלערנטער כלי־זמר.״ — „לאז׳זשע טאקי דעם כלי זמר אריין צו מיר״, האט זיך אנגערופען דער קיניג. ווי אבער דאס אייזעלע איז אריינגעקומען, האבען אלע גענומען לאכען איבער דעם כלי־זמר. האט מען דאס אייזעל געוואלט אנידערזעצען צווישען די קנעכט און אים געבען עסען, איז עס אבער ברוגז געווארען און האט געזאגט: „כ׳בין נישט קיין פראסטע שטאל־אייזעלע, איך בין פון א בכבודיגער משפחה.״ האבען זיי זיך אנגערופען, „אז דו ביזט אזא מיוחס, טא זעץ זשע דיך צום קריגס־פאלק.״ — „ניין״, האט עס געענפערט: „כ׳וויל זיצען נעבען דעם קיניג.״ האט דער קיניג געלאכט און געזאגט אין שפאס: „יא ס׳זאל זיין אזוי, ווי די ווילסט, אייזעלע, קום אהער צו מיר.״ דערנאך האט ער א פרעג געטון: „אייזעלע, ווי געפעלט דיר מיין טאכטער?״ דאס אייזעלע האט זיך אויסגעדרעהט דעם קאפ צון איר, האט זי אנגעקוקט, און א מאך געטון מיט׳ן קאפ און געזאגט: „גאר גוט, זי איז אזוי שיין, אז כ׳האב נאך אזא שיינע נישט געזעהן.״ „טאָ מעגסטו דיך טאקי אויך נעבען איר אנידערזעצען״, האט דער קיניג געזאגט. „דאס געפעלט



מיר טאקי גאנץ גוט״, האט דאס אייזעלע געזאגט און זיך אנידערגעזעצט איר דערנעבען, געגעסען און געטרונקען און געוואוסט זיך פיין און ציכטיג צו באנעמען. האט דאס אייזעלע אזוי פארבראכט א גוט שטיקעל צייט אינ׳ם קיניגס הויף און דערנאך האט עס זיך באקלערט: „וואס קען דיר דאס נוצען, דו מוזט צוריק אהיים״. האט עס טרויעריג פארלעגט דעם קאפ, איז פארגעטרעטען פאר׳ן קיניג און האט אים געבעטען, אז ער זאל עס אהיימלאזען. דער קיניג אבער האט עס ליב באקומען און האט געזאגט: „וואס פעלט דיר אייזעלע? דו מאכסט דאך אזא זויער פנים ווי עסיג; בלייב ביי מיר, איך וויל דיר געבען, וואס דו פארלאנגסט. ווילסטו געלד?״ — „ניין״, האט דאס אייזעלע געזאגט און האט א שאקעל געטון מיט׳ן קאפ. „ווילסטו דימענטען און צירונג?״ — „ניין.״ „ווילסטו מיין האלב קיניגרייך?״ „אך ניין.״ — האט דער קיניג געזאגט: „וואלט איך נאר געוואוסט, וואס ס׳וואלט דיך געקענט גליקליך מאכען! ווילסטו מיין שיינע טאכטער פאר א ווייב?״ „אך יאָ״, האט דאס אייזעלע געזאגט און איז פלוצים גאנץ פרייליך געווארען, ווייל דאס איז עס טאקי געוועזען, נאך וואס זיין הארץ האט געגלוסט. האט מען געמאכט די חתונה מיט גרויס פראכט. אויף דער נאכט, אז מ׳האט אריינגעפירט חתן כלה אין זייער חדר׳ל, האט דער קיניג געוואלט וויסען, צי דאס אייזעלע קען זיך פיין און ציכטיג באנעמען, האט

ער געהײסען אַ קנעכט זיך דארט באהאלטען. ווי זײ זענען בײדע אײנאײנעם געװען אײנעװײניג, האט דער חתן פארשלאסען די טיר, זיך אומגעקוקט און מײנענדיג, אז זײ זענען בײדע אלײן, האט ער מיט אײנמאל אראבגעווארפען זײן אײזעלס־הויט און איז געשטאנען פאר איר אין זײן שײנער, קיניגליכער געשטאלט. „איצט זעהסטו” האט ער א זאג געטון, „ווער איך בין און דו זעהסט אויך, אז כ׳בין דיך ווערט.” איז די כלה פרײליך געווארען, האט זי אים געקושט און גאר ליב געהאט. אז דער מארגען האט זיך גענעהנטערט, איז ער אויפגעשפרונגען, האט ווידער אנגעטון זײן אײזעלס־הויט און קײן מענש האט ניט געקאנט אײנפאלען, ווער ס׳ליגט אונטער איר באהאלטען. באלד איז אויך דער אלטער קיניג געקומען, „וואס זעה איך” האט ער זיך אנגערופען, „דאס אײזעלע איז שוין אויפגעשטאנען! דו ביזט א פנים גאר טרויעריג, וואס דו האסט ניעשט באקומען קײן פײנעם מענשען פאר א מאן?” האט ער געזאגט צו זײן טאכטער. — „אך נײן, ליבער פאטער, כ׳האב אים אזוי ליב, גלײך ער וואלט געוועזן דער שענסטער אין דער וועלט און איך וויל מיט איהם בלײבען ווי לאנג איך וועל לעבען.” האט זיך דער קיניג געחידושט אבער דער קנעכט, וואס האט זיך באהאלטען, איז געקומען צו גײן און האט אים אלצדינג דערצעלט. האט זיך אנגערופען דער קיניג: „דאס קען גארנישט מעגליך זײן”. — טא וואכט אלײן אין דער קומענדיגער נאכט, וועט איר עס זעהן מיט די אײגענע אויגען און ווײסט איר וואס, מײן האר און קיניג, נעמט בײ אים צו די הויט און ווארפט זי ארײן אין פײער וועט ער זיך מוזען באווײזען אין זײן רעכטער געשטאלט.” „דײן עצה איז גוט” האט דער קיניג געזאגט און אויף דער נאכט, אז זײ האבען געשלאפען, האט ער זיך ארײנגעגנב׳עט און אז ער איז צוגעקומען צום בעט, האט ער אין דער שײן פון דער לבנה געזעהן ליגען א שײן שטאלץ ײנגעל און די הויט איז געלעגען אויף דר׳ערד נעבען אים. האט ער זי צוגענומען און געלאזט אנלעגען אין דרויסען א פײער און האט ארײנגעווארפען די הויט און איז אלײן געבליבען דערבײ, ביז זי איז פארברענט געווארען אויף אש. האט ער אבער געוואלט זעהן, וואס פאר א פנים דער בארויבטער וועט מאכען, איז ער געבליבען די גאנצע נאכט און האט זיך אײנגעהערט. אז דאס ײנגעל האט זיך אויסגעשלאפען, איז ער אויפגעשטאנען, ווען ס׳האט גאר וואס געגומען זארען און געוואלט אָנטון די אײזעלס־הויט. ער האט זי אבער נישט געקענט געפונען. האט ער זיך זעהר דערשראקן און האט געזאגט אומעטיג און פול פחד: „איצט מוז איך טראכטען צו אנטלויפען.” ווי ער איז ארויסגעגאנגען, איז געשטאנען פאר אים דער קיניג און האט געזאגט: „מײן זון, וואס אײלסטו דיך אזוי, וואס ווילסטו טון? בלײב דא, דו ביזט אזא שײנער מענש, כ׳וועל דיך נישט אוועקלאזען. איך גיב דיר איצט מײן האלב קיניגרײך און נאך מײן טויט וועסטו עס האבען אינגאנצען.” — „טאָ ווינש איך מיר, אז דער גוטער אנהויב זאל אויך נעמען א גוטען סוף” האט דאס יונגעל געזאגט, „איך בלײב בײ אײך.” האט אים דער אלטער קיניג געגעבען די האלבע מדינה און אז ער איז געשטארבען אין א יאר ארום, האט ער געהאט די גאנצע און נאכ׳ן טויט פון זײן פאטער האט ער צובאקומען נאך א קיניגרײך און ער האט געלעבט בשלום ובשלוה.

# דער אלטער זיידע און דאס אייניקעל·

געווען אמאל א גאר אלטער מאן, זענען אים די אויגען קאליע געווארען, די אויערן טויב געווארן און די קניעס האבען אים געציטערט· אז ער איז געזעסען ביים טיש האט ער קוים געקענט האלטען דעם לעפעל, אויסגעשיט די זופ אויף דעם טישטוך און טיילמאל פלעגט אים אויך רינען פונ׳ם מויל· זיין זון און די פרוי האט באנומען אן עקעל און דערפאר האט זיך דער אלטער זיידע געמוזט אוועקזעצען אין א ווינקעלע ביים אויוועז און זיי האבען אים דערלאנגט זיין עסען אין אן ערדען שיסעלע, אזוי ווענינ· אז ער האט נישט געקאנט זאט ווערען· האט ער גאר טרויעריג א קוק געטון צום טיש און זיינע אויגען האבען גענומען נאס ווערען· האט זיך איינמאל געמאכט· אז זיינע ציטערדיגע הענד האבען דאס שיסעלע נישט געקענט דערהאלטען, איז עס אראבגעפאלען אויף דר׳ערד און ס׳האט זיך צובראכען· האט אים די יונגע פרוי געשאלטען מיט טויטע קללות· ער אבער האט קייןווארט נישט געענפערט און האט נאר א זיפץ געטון· האט זי אים געקויפט פאר א פאר גראשען א הילצערן שיסעלע, דערפון האט ער געמוזט איצט עסען· ווי זיי זענען אזיי געזעסען, האט דאס פיריעריגע אייניקעל צונויפגעטראגען אויף דר׳ערד קליינע ברעטעלעך· „וואס ווילסטו מאכען דערפון ?״· האט דער פאטער א פרעג געטון· „איך מאך א צובערל״· האט געענפערט דאס קינד· „דערפון וועלען די טאטע און מאמע עסען· אז איך וועל גרויס ווערען·״ האבען זיך דער מאן און די פרוי א ווײלע אנגעקוקט· גענומען וויינען און האבען תיכף צוגערופען דעם אלטען זיידע און ער האט פון איצט אן כסדר געגעסען ביים טיש און זיי האבען אויך גארנישט געזאגט· אז ער האט א ביסל אויסגעשיט·

# אן אמת׳ע מעשה·

כ׳וויל אייך דערצעלען א מעשה· כ׳האב געזעהן פליהען צוויי געבראטענע הינער· זענען זיי גאר גיך געפלויגען און זייערע בייכער האבען אנגעשפארט אין הימעל און זייערע פלייצעס אין גיהנום און ווידער האב איך געזעהן אשמידאייזען און א מיהל־שטיין שווימען אויפן רהיין· גאר שטיל און פאמעליך און א זשאבע איז געזעסען אויפ׳ן אייז צו שבועות־צייט און האט אויפגעפרעסען א פלוג· ס׳האט זיך אויך געמאכט· אז דריי יינגען האבען געוואלט כאפען א האז· זענען זיי געגאנגען אויף שטאלצען, איינער איז געווען טויב· דער צווייטער בלינד· דער דריטער שטום און דער פערטער האט גלאט מיט קיין פוס נישט געקענט רירען· ווילט איר אפשר וויסען, ווי אזוי דאס איז מעגליך געווען ? דער בלינדער האט צוערשט דערזעהן שפרינגען דעם האז איבערן פעלד· האט דער שטומער א רוף געטון דעם לאהמען און דער לאהמער האט אים פארכאפט פאר דער פאלע· און ווידער האט זיך געטראפען, אז עטליכע האבען זיך געוואלט אריבערשיפען איבער׳ן פעלד· האבען זיי אויסגעשפאנט די זעגלען אקעגען דעם ווינד און האבען זיך געשיפט איבער לאנקעס און וועלדער· פלוצים זענען זיי אנגעקומען צון א הויכען בארג,

האבען זיי נעביך געהאט זעהר א מיאוסען סוף· — זיי זענען דערטראנקען געווארען· און איינמאל האט א ראַק איבערגעיאגט א האָז און אויבען אויפ׳ן דאך איז געלעגען א קוה· וואס איז אהין ארויפגעקראכען· אין דעם דאזיגען לאנד זענען די פליגען געוועזען אזוי גרויס· ווי ביי אונז די ציגען· טא מאך׳זשע טאקי די פענסטער אויף· כדי די ליגענס זאלען קענען ארויספליען·

# די אלטע אין וואלד·

איינמאל איז א דינסטמיידיל געפארען מיט אירע בעל־הבתים דורך א גרויסען וואלד· און אז זיי זענען געוועזען אויף דעם האלבען וועג· זענען גזלנים געקומען צו לויפען פון די קארטשעס אפיר און האבען געהרג׳עט ווען זיי האבען געפונען· זענען אלע אומגעקומען· ביז אויף דעם מיידעל· וואס איז פאר פחד ארויסגעשפרונגען פונ׳ם וואגען און האט זיך באהאלטען אונטער א בוים· ווי די גזלנים זענען אוועק מיט זייער רויב· איז עס אפירגעקראכען און האט דערזעהן דאס גרויסע אומגליק· האט עס גאר ביטער אנגעהויבען צו וויינען און האט געזאגט: „וואס זאל איך איצט טון· איך ארים מיידעל· איך ווייס נישט וואו ארומעט ארויסצוקומען פונ׳ם וואלד· ס׳וואוינט דא קיין מענש נישט· כ׳וועל זיכער מוזען אויסגיין פאר הונגער·“ איז עס ארומגעגאנגען און האט געזוכט א וועג און האט אים נישט געקענט געפונען· ווי ס׳איז נאכט געווארען· האט עס זיך ארונטערגעזעצט אונטער א בוים· געהאט בטחון צו גאט און געוואלט בלייבען זיצען און נישט אוועקגיין· מעג אויך קומען וואס· איז עס אזוי אביסעלע געזעסען· איז געקומען צו פליהען א ווייס טייבעלע און געהאלטען אין פיסקאלע א קליין גילדען שליסעלע· דאס שליסעלע האט עס אים ארייגעלעגט אין דער האנד אריין און האט געזאגט: „זעהסטו דארט דעם גרויסען בוים· אויף איהם הענגט א קליין שלעסעלע· דאס וועסטו אויפשליסען מיט׳ן שליסעלע· וועסטו געפונען גענוג שפייז און נישט מער ליידען קיין הונגער.“ איז עס צוגעגאנגען צום בוים און האט אים אויפגעשלאסען און געפונען מילך אין א קליין שיסעלע און קוכען צום אריינבראקען איז אויך געוועזען דערביי· אזוי אז ס׳האט זיך געקענט אנעסען· איז עס זאט געווארען און האט א זאג געטון צו זיך: „איצט פליהען שוין די הינער אריין אין די שטייגען· כ׳בין אזוי מידע· וואלט איך מיך דאך אויך געקענט אין א בעט אריינלעגען.“ איז דאס טייבעלע ווידער געקומען צו פליהען און האט געבראכט א גילדען שליסעלע אין פיסקאלע און האט געזאגט: „שליס אויף דעם בוים דארטען· וועסטו אויך געפונען א בעטעלע.“ האט עס אויפגעשלאסען און געפונען א שיין ווייך בעטעלע· האט עס געלייענט קריאת־שמע און האט געבעטען גאט· אז ער זאל עס אבהיטען ביי נאכט פון אל דאס בייז און איז אנטשלאפען געווארען· צו מארגענס איז דאס טייבעלע געקומען צום דריטענמאל· געבראכט ווידער א שליסעלע און האט געזאגט: „שליס דארט אויף דעם בוים· וועסטו געפונען קליידער.“ און ווי ס׳האט אויפגעשלאסען· האט עס געפונען קליידער באשטיקט מיט גאלד און מיט איידעלשטיינער· אזוי שיין· ווי ס׳האט זיי אפילו קיין בת מלכה נאך נישט געהאט· אזוי האט עס דא געלעבט א צייט לאנג און געקומען איז דאס טייבעלע יעדען טאג און ס׳האט פארזארגט אליץ· וואס מ׳האט באדארפט און דאס מיידאלע האט געלעבט און געלאכט·

איינמאל איז דאס טייבעלע געקומען צו פליהען און האט געזאגט: „ווילסטו מיר טון א טובה?“ — „גאר גערן“, האט דאס מיידעל געענפערט. האט זיך אנגערופען דאס טייבעלע: „כ'וויל דיך פירען צון א קליין הייזעלע, דארט גיי אריין, אין דער מיט ביים פריפעטשיק וועט זיצען אן אלטע פרוי און וועט דיר זאגען „גוט העלף.“ אבער דו זאלסט איר בשום אופן נישט ענפערן, מעג זי דיר אויך טון וואס. נאר גיי ווייטער צון איר רעכטער האנד, וועסטו קומען אין א שטוב אריין, וואו ס'וועלען ליגען אויפן טיש פינגערלעך מכל המינים, צווישען זיי וועלען זיך געפונען גאר פראכטיגע מיט בלישטענדיגע שטיינער, זאלסטו די דאזיגע אבער לאזען ליגען און ארויסזוכען א גאר פראסטען, וואס וועט זיך אויך געפונען צווישען זיי און דעם דאזיגען זאלסטו מיר ברענגען ווי גיך דו קענסט.“ איז דאס מיידעל צוגעגאנגען צום הייזעלע און האט געעפענט די טיר. איז זיך געזעסען אן אלטע און האט אויסגעפילעט אויף איר א פאר אויגען און האט געזאגט: „גוט העלף, ליב קינד מיינס.“ האט עס איר אבער גארנישט געענפערט און איז צוגעגאנגען גלייך צו דער טיר צו. „וואוהין ווילסטו גיין?“, האט זי א געשריי געטון און עס געוואלט צוהאלטען ביים קלייד, „דאס איז מיין הויז, און אהער טאָר קיינער נישט אריין, אז איך וויל נישט.“ אבער דאס מיידעלע האט קייןווארט נישט גערעדט, זיך אויסגעריסען פון איר און איז אריין אין שטוב אריין. זענען געלעגען אויפ'ן טיש פינגערלעך מכל המינים, האבען זיי איר געבלישטשעט און געפינקעלט אין די אויגען. זי האט ארומגעווארפען אלע אהין און אהער און האט דאס פראסטע פינגערל נישט געקענט געפונען ווי ס'האט געזוכט און געזוכט, האט עס דערזעהן ווי די אלטע האט זיך גאר שטיל צוגעכאפט, גענומען א שטייגעל אין דער האנד און געוואלט אוועק דערמיט. איז דאס מיידאלע צו צון איר און האט איר ארויסגענומען דאס שטייגעל פון דער האנד און ווי זי האט עס אויפגעהויבען און אריינגעקוקט, איז געזעסען דערין א פויגעל און געהאט אין פוסק דאס פראסטע פינגערל. האט עס גענומען דאס פינגערל און געמיינט, אז דאס ווייסע טייבעלע וועט קומען צו פליהען און נעמען דאס פינגערל, אבער ס'איז נישט געקומען, האט עס זיך אנגעלעהנט אָן א בוים און געוואלט ווארטען אויפ'ן טייבעלע. און ווי ס'איז אזוי געשטאנען, האט זיך אויסגעדאכט, אז דער בוים ווערט אלץ ווייכער און בויגיגער און לאזט נאך זיינע צווייגען. און אויף איינמאל האבען די צווייגען ארומגענומען דאס מיידאלע און געווען זענען עס צוויי הענד און ארומקוקענדיג זיך, האט עס געזעהן, אז דער בוים איז געווען א שיינער מאן, וואס האט עס ארומגענומען, געקושט עס גאר הארציג און געזאגט: „דו האסט מיך אויסגעלייזט און באפרייט פון דער אלטער מכשפה וואס איז א בייזע העקס. זי האט מיך פארכישופט אין א בוים און יעדען טאג בין איך אויף א פאר שעה געווארען א ווייסע טויב, און ווי לאנג זי האט דאס פינגערל באזעסען, האב איך מיין מענשליכע צורה נישט געקענט צוריקבאקומען.“ זענען אויך זיינע קנעכט אין פערד אויסגעלייזט געווארען פונ'ם כישוף, ווייל זי האט זיי אויך פארוואנדעלט און בוימער און זענען געשטאנען נעבען אים. זענען אלע אוועקגעפארען אין זיין מדינה אריין, ווארום ער איז געווען א בן מלך און זיי האבען חתונה געהאט און געלעבט צופרידען און גליקליך.

# די זאנג, די קויל און דאס באנדעלי

אין א דארף האט געוואוינט אן ארימע אלטע פרוי. האט זי צונויפגעקליבען א געריכט באנדלעך און זיי געוואלט אבקאכען. האט זי טאקי אויפ'ן פריפעטשיק אנגעלעגט א פייער, און כדי ס'זאל גיכער ברענען, האט זי עס אנגעצונדען מיט א זשמענקעלע שטרוי. ווי זי האט אריינגעשיט די באנדלעך אין טאפ אריין, איז איינע אומגערן ארויסגעפאלען, און איז געבליבען ליגען אויף דר'ערד לעבען דער שטרוי; באלד דערנאך איז אויך ארויסגעשפרונגען צו זיי א גליהענדיגע קויל פונ'ם פריפעטשיק. האט די זאנג געעפענט איהר מויל און אזוי געזאגט: „ליבע פריינד, פון וואנען קומט איהר?” — די קויל האט געענפערט: „כ'בין צו מזל ארויס פונ'ם פייער און וואלט איך דאס נישט געטון מיט געוואלט, וואלט איך זיכער געווען א הורג: געווען פארברענט געווארען אויף אש.” האט דאס באנדעל געזאגט: „איך בין אויך נאך אוועק מיט גאנצע גלידער, אבער וואלט מיך די אלטע געווען אריינגעבראכט אין טאפ אריין, וואלט אהן רחמנות געווארען אויס מיר א זופ, פונקט ווי פון מיינע חברים.” — „וואלט איך דען געהאט א שענער מזל?” — האט זיך אנגערופען די שטרוי, „אלע מיינע ברידער האט די אלטע גלאזעט אויפגיין אין פייער און אין רויך, זעכציג האט זי מיט איינמאל א נעם געטון און זיי אומגעבראכט. צו מיין מזל האב איך מיך דורכגעשטופט צווישען אירע פינגער.” — „וואס זאלען מיר אבער איצט טון?”, האט די קויל געזאגט. — „כ'מיין”, האט געענפערט דאס באנדעל, „מחמת מיר זענען אזוי בשלום ניצול געווארען פונ'ם טויט, מוזען מיר זיך האלטען אינאיינעם ווי גוטע פריינד, כדי ס'זאל אונז דא נישט באגעגענען א נייע צרה; און מיר מוזען זיך אינאיינעם אוועקלאזען ערגיץ אין א פרעמד לאנד אריין.”

איז זיי די עצה גוט געפעלען געווארען און זיי האבען זיך געלאזט אינאיינעם אין וועג אריין. זענען זיי באלד אנגעקומען צון א קליין טייכעל און ווייל ס'איז קיין בריק נישט געווען און נישט קיין קלאדקע, האבען זיי נישט געוואוסט, וויאזוי אריבערצוקומען. די זאנג איז געפאלען אויף א גוטער עצה און האט געזאגט: „איך וועל מיך לעגען פאפערעק, וועט איהר קענען איבער מיר, ווי אויף א בריק אריבערשפרייזען.” האט זיך די זאנג אויסגעשטרעקט פון איין ברעג צום אנדערן, און די קויל, וואס איז בטבע געווען א היציגע, האט זיך אויך גאר האפערדיג ארויפגעדראפעט אויף דער נייע געבויטער בריק. ווי זי איז געקומען אין דער מיטען און געהערט אונטער זיך דאס רוישען פונ'ם וואסער, האט זי דאך א ביסעלע מורא באקומען, איז זי געבליבען שטיין און נישט געסמיעט וייטערצוגעהן. די זאנג אבער האט אנגעהויבען צו ברענען, האט זיך צובראכען אויף צוויי שטיקער און איז אריינגעפאלען אין טייך אריין. דאס באנדעל, אבער וואס איז געווען פארזיכטיג און ד'ערווייל נאך געבליבען ביים ברעג, האט געמוזט לאכען איבער דער מעשה און זיך גארנישט געקאנט איינהאלטען און האט אזוי שטארק געלאכט, אז ס'איז צושפרינגען געווארען. וואלט עס אויך געווען געבליבען א קדוש, ווען ס'וואלט צום גליק נישט געווען אנגעקומען א שניידער, וואס האט זיך אוועקגעלאזט אין דער וועלט אריין און זיך א ווייליקע אייסגערוהט ביים טייכעל. האט ער געהאט א גוט הארץ, ארויסגענומען א נאדעל און פאדעם און עס צונויפגענעהט. דאס באנדעל האט אים געזאגט א שיינעם יישר כוח, מחמת אבער ער האט גענומען דערצו א שווארצען פאדעם, אזוי האבען פון דעמאלט אן אלע באנדלעך א שווארצע נאט.

# שנייוויסעלע.

געווען אמאל מיטען אין ווינטער, זענען זיך די שניי־פלאקען געפאלען ווי פע־דערן פונ׳ם הימעל אראב, איז געזעסען א קיניגין ביי א פענסטער, וואס האט געהאט א רעהם פון שווארצען עבענהאלץ און האט גענעהט. און ווי זי האט אזוי גענעהט און ארויפגעקוקט צום שניי, האט זי זיך מיט דער נאדעל א שטאך געטון אין פינגער און ס׳זענען דריי טראפען בלוט אראבגעפאלען אין שניי אריין. און ווייל דאס רויטע האט אין שניי אזוי שיין אויסגעזעהן, האט זי ביי זיך א טראכט געטון „וואלט איך געהאט א קינד אזוי ווייס ווי שניי, אזוי רויט ווי בלוט און אזוי שווארץ ווי דאס האלץ פון דעם רעהם.“ באלד דערויף האט זי באקומען א טעכטערל, איז עס געווען אזוי ווייס ווי שניי, אזוי רויט ווי בלוט און געהאט שווארצע האר ווי עבענהאלץ און דערפאר האט מען עס גערופען שנייוויסעלע. און ווי דאס קינד איז געבוירען געווארען, איז די קיניגין געשטארבען.

איבער א יאהר האט זיך דער קיניג גענומען אן אנדערע פרוי. איז זי געווען א שיינע פרוי, אבער א שטאלצע און האפערדיגע און נישט געקענט ליידען, אז עמיצער זאל זיין שענער פון איהר. האט זי געהאט א וואונדערליכען שפיגעל, אז זי האט זיך פאר אים אנידערגעשטעלט און זיך אין אים אנגעקוקט, האט זי געזאגט:

„שפיגעלע, שפיגעלע אויף דער וואנד,
ווער איז די שענסטע אין גאר דעם לאנד?“

האט געענטפערט דער שפיגעל:

„פרוי קיניגין, איר זענט די שענסטע אין לאנד.“

איז זי געווען צופרידען, ווייל זי האט געוואוסט, אז דער שפיגעל זאגט דעם אמת. שניי ווייסעלע אבער איז אויפגעוואקסען און געווארען אלץ שענער, און אז ס׳איז אלט געווארען זיבען יאהר, איז עס געווען אזוי שיין, ווי דער קלארער טאג און שענער אפילו פון דער קיניגין. און זי האט אמאל א פרעג געטון איהר שפיגעל:

„שפיגעלע, שפיגעלע אויף דער וואנד,
ווער איז די שענסטע אין גאר דעם לאנד?“

האט ער געענטפערט:

„פרוי קיניגין, איר זענט די שענסטע דא.
אבער שנייווייסעלע איז טויזענטמאל שענער פון אייך.“

האט זיך די קיניגין דערשראקען און איז געווארען געל און גרין פאר קנאה. פון דעמאלט אן, אז זי האט שנייווייסעלען דערזעהן, איז איר די גאל צושפרינגען געווארען, אזוי האט זי דאס מיידעל פיינד געהאט. און די שנאה און קנאה זענען געוואקסען ווי קראפעווע אין איר הארץ, אלץ גרעסער און גרעסער, אז זי האט ביי טאג און ביינאכט קיין רוה נישט געהאט. האט זי גערופען א יעגער און געזאגט: „טראג ארויס דאס קינד אין וואלד אריין, איך וויל עס נישט מער זעהן פאר מיינע אויגען. דו זאלסט עס טויטען און מיר צוריקברענגען פאר א סימן דאס לונג־און לעבערל.“ האט דער יעגער

געפּאלגט און עס אַרויס געפּיהרט, און אַז ער האָט אַרויסגעצויגען דאָס מעסער און גע־וואָלט דורכשטעכען שנייוויסעלעס אומשולדיג הערצעל, האָט עס געגומען וויינען און געזאָגט „אוי, ליבער יעגער, לאָז מיר מיין לעבען; כ'וויל אַוועקלויפען אין דעם ווילדען וואַלד אַריין און קיינמאָל נישט מער צוריקקומען.” און ווייל ס'איז אַזוי שיין געווען, האָט דער יעגער באַקומען רחמנות און געזאָגט „טאָ אַנטלויף, דו אָרים קינד.” — „די ווילדע חיות וועלען דיך באַלד פאַרציקען”, האָט ער אַ טראַכט געטון, און דאָך האָט ער געפיהלט, אַז ס'איז אים אַראָב אַ שטיין פונ'ם האַרץ, וואָס ער האָט עס נישט באַדאַרפט הרגענען און גראָד איז געקומען צו לויפען אַ יונגער הירש, האָט ער אים אָבגעקוילעט, אַרויסגע־נומען די לונג־און לעבער און האָט זי מיטגעבראַכט דער מלכּה פאַר אַ סימן. האָט זי גע־מוזט דער קעכער קאָכען אין זאַלץ און דאָס ווייב, די מרשעת, האָט זי אויפגעגעסען און געמיינט, אַז זי האָט געגעסען שנייוויסעלעס לונג־און לעבערל.

איז נעביך דאָס קינד איבערגעבליבען מוטערשטאָק אַליין אין'ם גרויסען וואַלד, און ס'האָט אַזוי מורא געהאַט, אַז ס'האָט אַלע בלעטער פון די בוימער באַטראַכט און נישט געוואוסט זיך קיין עצה צו געבען. האָט עס גענומען לויפען און איז געלאָפען איבער שפּיציגע קרעמעניעס און דערנער, און די ווילדע חיות זענען אַרומגעשפּרונגען, זיי האָבען אים אָבער קיין שום ליידעס נישט געטון. איז עס געלאָפען ווי ווייט די פיס האָבען עס געטראָגען, ביז ס'האָט גענומען טונקלען, האָט עס דערזעהן אַ קליין הייזעלע און איז אַריינגעגאַנגען זיך אָבּרוהען. אין דעם הייזעלע איז אַלצדינג געווען קליין, אָבער אַזוי חנעוודיג און ריין, גאָר אין לשער. אָט איז געשטאַנען אַ ווייס־געדעקט טישעלע מיט זיבען קליינע טעלערלעך, יעדעס טעלערל מיט זיין לעפעלע, דערנאָך זיבען מעסערלעך און גאָ־פּעלעך, און זיבען בעכערלעך. ביי דער וואַנד זענען געווען אויפגעשטעלט זיבען בעטעלעך איינס לעבען דעם אַנדערן און געווען איבערגעדעקט מיט ווייסינקע ליילעכער. שנייוויי־סעלע האָט, ווייל זי איז געווען הונגעריג און דורשטיג, געגעסען פון יעדען שיסעלע אַ ביסעלע צימעס מיט ברויט און געטרונקען פון יעדען בעכערל אַ טראָפּען וויין; ווייל ס'האָט נישט געוואָלט איינעם אַליין אַלץ אַוועקנעמען. דערנאָך האָט עס זיך, ווייל ס'איז געווען מיד אַריינגעלעגט אין אַ בעטעלע, אָבער קיין איינציגס האָט נישט געפּאַסט; איינס איז געווען צו לאַנג, דאָס אַנדערע צו קורץ, אָבער דאָס זיבעטע האָט געפּאַסט: איז עס געבליבען ליגען, געלייענט קריאת־שמע און איז אַנטשלאָפען געוואָרען.

אַז עס איז געוואָרען גאַנץ פינסטער, זענען אָנגעקומען די בעל־הבתים פונ'ם הייזעלע. דאָס זענען געווען די זיבען קאַרליקעס, וואָס האָבען געהאַקט און געגראָבען אייזען אין די בערג. האָבען זיי אָנגעצונדען זייערע זיבען לעכטעלעך און אַז ס'איז ליכטיג געוואָרען אין הייזעלע, האָבען זיי געזעהן, אַז עמיצער איז געווען אינעווייניג, ווייל ס'איז נישט אַלץ גע־שטאַנען אויף דעם זעלבען פּלאַץ, ווי זיי האָבען עס איבערגעלאָזט. האָט דער ערשטער גע־זאָגט: „ווער איז אויף מיין שטוהלעכעל געזעסען?” דער צווייטער: „ווער האָט פון מיין שיסעלע געגעסען?” דער דריטער: „ווער האָט פון מיין ברייטעלע גענומען?” דער פירטער: „ווער האָט פון מיין צימעסל געגעסען?” דער פינפטער: „ווער האָט מיט מיין גאָפּעלע געשטאָ־כען?” דער זעקסטער: „ווער האָט מיט מיין מעסערל געשניטען?” דער זיבעטער: „ווער האָט פון מיין בעכערל געטרונקען?” דערנאָך האָט זיך דער ערשטער געטון אַ קוק אום און געזעהן, אַז ס'איז געווען אַ קליין קנייטשעל אויף זיין בעטעלע, האָט ער זיך אָנגערופען „ווער האָט אויף מיין בעטעלע געטרעטען?” זענען די אַנדערע געקומען צו לויפען און גערופען: „אין

מיינעם איז אויך עמיצער געלעגען.״ דער זיבעטער אבער האט געטון א קוק אין זיין בע־
טעלע, און דערזעהן שנייוויסעלען, וואס איז געלעגען אין אים און געשלאפען. האט ער
צוגערופען די אנדערע, זענען זיי געקומען צו לויפען און האבען געשריגען פאר חידוש, גע־
ברענגט צו טראגען זייערע זיבען ליכטעלעך און באשיינט שנייוויסעלען. „גאט מיינער־
גאט מיינער״ האבען זיי גערופען, „ווי שיין דאס קינד איז!״ און זיי זענען געווען אזוי פול
פריידי, אז זיי האבען דאס קינד נישט אויפגעוועקט, נאר עס געלאזט ווייטער שלאפען אין בע־
טעלע. דער זיבעטער קארליק אבער האט געשלאפען ביי זיין חבר, ביי יעדען א שעה ביז
די נאכט איז פארגאנגען.



אין דער פריה איז שנייוויסעלע אויפגעוואכט און אז עס האט דערזעהן די זיבען
קארליקעס, האט עס זיך דערשראקען. זיי זענען אבער געווען פריינדליך און האבען געפרעגט:
„ווי אזוי הייסטו?״ „איך הייס שנייוויסעל״ האט עס געענפערט. „וויאזוי ביזטו אין
אונזער הויז אריין געקומען?״ האבען די קארליקעס ווייטער געפרעגט. האט עס זיי דערצעלט,
אז זיין שטיפמוטער האט עס געוואלט לאזען אומברענגען, האט אים אבער דער
יעגער בעשענקט דאס לעבען און ס׳איז געלאפען דעם גאנצען טאג, ביז ס׳האט געפונען

זייער הייזעלע, האבען די קארליקעס געזאגט: „ווילסטו פיהרען אונזער בעל־הבתישקייט, קאכען, בעטען, וואשען, נעהען און שטריקען און האלטען אלעס אין ארדנונג און ריין, מעגסטו בלייבען ביי אונז און ס'וועט דיר גארנישט פעלען.״ — „יא״ האט שנייוויסעלע געענטפערט, „גאר גערן״, און איז געבליבען ביי זיי, האט עס זיי געפיהרט דאס גאנצע בעל־הביתשקייט: אין דער פריה זענען זיי געגאנגען אין די בערג אריין און געזוכט אייזען און גאלד, אויף דער נאכט זענען זיי צוריקגעקומען און זייער עסען האט געמוזט שטיין גרייט. דעם גאנצען טאג איז דאס מיידאלע געווען אליין, האבען עס די גוטע קאר־ליקלעך געווארענט און געזאגט: „היט דיך פאר דיין שטיפמוטער, זי וועט זיך באלד דערוויסען אז דו ביזט דא; לאז אבער יא נישט אריין עמיצען.״

די מלכה אבער, וואס האט געמיינט, אז זי האט שנייוויסעלעס לונג און לעבער אויפגעגעסען, האט נישט אנדערש געגלויבט, נאר אז זי איז ווידער די ערשטע און שענסטע, איז זי צוגעגאנגען צום איר שפיגעל און האט געזאגט:

„שפיגעלע, שפיגעלע אויף דער וואנד,
ווער איז די שענסטע אין גאר דעם לאנד?״

האט געענטפערט דער שפיגעל:

„פרוי קיניגין, איר זענט די שענסטע דא,
אבער שנייוויסעלע איבער די בערג,
ביי די קארליקעס, די זיבען
איז נאך טויזענטע מאל שענער פון אייך.״

האט זי זיך דערשראקען, ווייל זי האט געוואוסט, אז דער שפיגעל זאגט קיין ליגען נישט, און געפיהלט, אז דער יעגער האט זי אבגענארט און שנייוויסעלע לעבט נאך. האט זי געקלערט און געקלערט, ווי אזוי זי זאל עס הרג'ענען; ווייל ווי לאנג זי וועט נישט זיין די שענסטע אין גאנצען לאנד, וועט איר קנאה קיין סוף נישט האבען. נאכדעם ווי זי האט עפּיס אויסגעטראכט, האט זי זיך געפארבט איר פנים און זיך פארשטעלט פאר אן אלטער קרעמערין, אזוי אז מ'האט זי נישט געקענט דערקענען. אזוי האט זי זיך אוועקגעלאזט איבער די זיבען בערג צו די זיבען קארליקלעך, א קלאפּ געטון אין דער טיר און געראפען: „שיינע סחורה דא, ביליג, ביליג!״ שנייוויסעלע האט ארויסגעקוקט דורכ'ן פענסטער און געזאגט: „גאט העלף אייך, ליבע פרוי, וואס האט איר צו פארקויפען?״ — „גוטע סחורה, שיינע סחורה״, האט זי געענפערט, „גירטאלעך מכל המינים״ און ארויסגענומען איינס, וואס איז געווען געפלאכטען פון טייערער זייד. „די עהרליכע פרוי מעג איך ארייגלאזען״, האט שנייוויסעלע א טראכט געטון, אויפגעריגעלט די טיר און זיך געקויפט דאס שיינע גירטאלע. „קינד״, האט די אלטע געזאגט, „ווי זעהסטו אויס! קום אהער, איך וויל דיך צושנירען ווי ס'באדארף צו זיין.״ שיינוויסעלע האט קיין שלעכטס נישט פארשטאנען, איז פארגעטרעטען פאר איר און זיך געלאזט איינשנירען מיט'ן נייעם גירטאלע: אבער די אלטע האט גיך געשנירט און אזוי שטארק, אז שניי־וויסעלע האט פארלוירען דעם אטעם און איז אנידערגעפאלען א טויטע. „איצט ביזטו געווען אמאל די שענסטע״ האט זי געזאגט און איז אין דער גיך אנטלאפען.

נישט לאנג דערויף, פארנאכט צו, זענען די זיבען קארליקעס אהיים געקומען, אבער ווי האבען זיי זיך דערשראקען, אז זיי האבען שנייוויסעלען געזעהן ליגען אויף דר'ערד, און ס'האט זיך נישט גערירט און נישט באוועגט, ווי א טויטע. האבען זיי עס

אויפגעהויבן און זעהענדיג, אז ס'איז געווען צו פעסט איינגעשנירט, האבן זיי דעם גירטעל אויפגעשניטען, האט עס אנגעהויבן א ביסעלע צו אטעמען און ס'איז וואס אמאל אלץ מער געקומען צו זיך. אז די קארליקעס האבן דערהערט, וואס ס'האט זיך געטראפען, האבן זיי געזאגט „די אלטע קרעמערין איז קיין אנדערע נישט געווען, נאר די מנוול'ע קיניגין. היט דיך און לאז קיין מענש נישט אריין, אז מיר זענען נישט אין דער היים.״

די בייזע פרוי אבער איז אהיים געקומען, צוגעגאנגען צום שפיגעל און געפרעגט:

״שפיגעלע, שפיגעלע אויף דער וואנד,
ווער איז די שענסטע און גאר דעם לאנד?״

האט ער געענטפערט ווי כסדר:

„פרוי קיניגין, איר זענט די שענסטע דא
אבער שניייווייסעלע איבער די בערג
ביי די קארליקלעך, די זיבען
איז נאך טויזענטמאל שענער פון אייך.״

ווי זי האט דאס דערהערט, איז איר איבערגעגאנגען די גאל, אזוי האט זי זיך דערשראקען, ווייל זי האט גוט געוואוסט, אז שניייווייסעלע איז ווידער לעבעדיג געווארען. ״איצט אבער״, האט זי געזאגט, ״וויל איך עפיס אויסקלערען, וואס וועט דיר שוין



מאכען דעם פסק״, און מיט כישוף־קונצען, וואס זי האט גוט געקענט, האט זי געמאכט א גיפטיגען קאם. דערנאך האט זי זיך פארשטעלט און אנגענומען די צורה פון אן אנדערער אלטער פרוי. אזוי האט זי זיך אוועקגעלאזט איבער די זיבען בערג צו די זיבען קארליקעס, א קלאפ געטון אן דער טיר, און גערופען: „גוטע סחורה דא, ביליג, ביליג״. שניייווייסעלע האט ארויסגעקוקט און געזאגט: ״גייט אוועק, איך טאר קיינעם נישט אריינלאזען״ — „אבער א קוק טון וועסטו דאך מעגען״ האט די אלטע געזאגט, ארויסגענומען דעם פארסמטען קאם און איס א ווייז געטון. איז ער דעם קינד אזוי גוט געפעלען געווארען, אז ס'האט זיך געלאזט פארנארען און געעפענט די טיר. נאכדעם ווי זיי האבן

זיך פארגלייכט מיט׳ן פרייז׳ האט די אלטע א זאג געטון ,,איצט וויל איך דיך פארקעמען ווי ס׳באדארף צו זיין.״ שניירווייסעלע נעביך האט קיין שלעכט׳ס נישט געקענט׳ און צוגעלאזט די אלטע׳ אבער קוים האט זי דעם קאם ארייגגעשטעקט אין די האר׳ האט דאס סם שוין אנגעהויבען צו ווירקען׳ און דאס מיידאלע איז אנידערגעפאלען חלשות׳ ,,טייערע יפה־פיה מיינע״, האט דאס בייזע ווייב געזאגט׳ ,,איצט האב איך דיך געפטרט״ און איז אוועקגעגאנגען. צום גליק איז עס שוין געווען פארנאכט צו׳ זענען די זיבען קארליקלעך באלד אהיים געקומען. ווי זיי האבען געזעהן ליגען שניירווייסעלען אויף דר׳ערד א פארחלש׳טע׳ האבען זיי באלד געהאט אן אויג אויף דער שטיפמוטער׳ האבען זיי נאכגעזוכט און געפונען דעם גיפטיגען קאם׳ און קוים האבען זיי אים ארויסגעצויגען׳ איז שניירווייסעלע ווידער צו זיך געקומען און האט דערצעלט׳ וואס ס׳האט זיך איר געטראפען. האבען זיי איר נאך א מאל אן התראה געטון׳ זיך צו היטען און קיינעם נישט צו עפענען די טיר׳.

האט זיך די קיניגין אין דערהיים אנידערגעשטעלט פארן שפיגעל און געזאגט:

,,שפיגעלע׳ שפיגעלע אויף דער וואנד׳
ווער איז די שענסטע אין גאר דער לאנד?״
האט דער שפיגעל געענטפערט׳ ווי פריהער:
,,פרוי קיניגין׳ איר זענט די שענסטע דא׳
אבער שניירווייסעלע איבער די בערג׳
ביי די קארליקלעך׳ די זיבען
איז נאך טויזענטמאל שענער פון אייך.״

ווי זי האט דערהערט די רייד פונ׳ם שפיגעל׳ האט זי געציטערט פאר צארן׳ ,,שניירווייסעלע מוז שטארבען״, האט זי אויסגערופען׳ ,,און ווען ס׳וועט אפילו קאסטען מיין אייגען לעבען.״ דערויף איז זי ארייגגעגאנגען אין א גאנץ פארבארגענער׳ איינזאמער קאמער׳ וואוהין ס׳איז קיינער נישט געקומען און געמאכט א גאר גיפטיגען עפעל׳. פון דרויסען האט ער געהאט א שיין פנים׳ ווייס מיט רויטע באקען׳ אז יעדער׳ ווער ס׳האט אים אנגעקוקט׳ האט געהאט חשק א ביס צו טון׳ אבער ווער ס׳האט געגעסען א שטיקעלע פון אים׳ דער האט געמוזט שטארבען. אז דער עפעל איז פארטיג געווארען׳ האט זי זיך געפארבט דאס פנים און זיך פארשטעלט פאר א פויערין׳ און אזוי האט זי זיך אוועקגעלאזט איבער די זיבען בערג צו די זיבען קארליקעס. האט זי א קלאפ געטון׳ שניירווייסעלע האט ארויסגעשטעקט דעם קאפ דורכ׳ן פענסטער און געזאגט: ,,איך טאר קיינעם נישט אריינ־לאזען׳ די זיבען קארליקעס האבען עס מיר פארזאגט.״ — ,,הארט מיך גארנישט״, האט זיך אנגערופען די פויערין׳ ,,די עפעל מיינע וועל איך שוין פארקויפען. אט׳ איינעם וויל איך דיר שענקען.״ — ,,ניין״, האט שניירווייסעלע געזאגט׳ ,,איך טאר גארנישט נעמען.״ האסטו מורא פאר סם?״, האט די אלטע געזאגט׳ ,,זעהסטו אט צושנייד איך דעם עפעל אויף צוויי טייל; די רויטע באק עס דו׳ די ווייסע וועל איך עסען.״ דער עפעל איז אבער געווען געמאכט אזוי קונציג׳ אז נאר די רויטע באק איז געווען פארגיפטעט׳ שניירווייסעלע האט מיט גרויס חשק באטראכט דעם שיינעם עפעל און ווי ס׳האט געזעהן׳ אז די פויערין האט פון אים געגעסען׳ האט עס זיך לענגער נישט געקענט איינהאלטען׳ אויס־געשטרעקט די האנד און גענומען די פארסמ׳טע העלפט. קוים אבער ס׳האט נאר א ביס געטון׳ איז עס אנידערגעפאלען צו דר׳ערד׳ א טויטע. האט עס די קיניגין באטראכט מיט

ווייסטע בליקען און געלאכט גאר הויך און געזאגט: „ווייס ווי שניי, רויט ווי בלוט, שווארץ ווי עבענהאלץ! דאס מאל וועלען דיך די קארליקעס נישט קענען דערוועקען." און זי האט אין דערהיים א פרעג געטון דעם שפיגעל:

„שפיגעלע, שפיגעלע אויף דער וואנד,
ווער איז די שענסטע אין גאר דעם לאנד?"

האט ער געענטפערט:

„פרוי קיניגין, איר זענט די שענסטע אין גאר דעם לאנד".

האט איהר קנאה'דיג הארץ געהאט רוה, אויף וויפיל א קנאה'דיג הארץ קען האבען רוה.

די קארליקלעך האבען, אז זיי זענען אויף דער נאכט אהיים געקומען, געפונען ליגען שנייוויסעלען אויף ד'רערד און קיין אטעם איז נישט געגאנגען מער פון זיין מויל ארויס, און געווען איז עס טויט. האבען זיי עס אויפגעהויבען, געזוכט, צי זיי וועלען נישט עפעס גיפטיגס געפונען, האבען עס אויפגעשנירט, געקעמט אים די האר, געוואשען עס מיט ווייז און מיט וואסער, אבער ס'האט גארנישט געהאלפען; דאס ליבע קינד איז געווען טויט און איז געבליבען טויט. האבען זיי עס געלעגט אויף א מטה און געזעצט זיך אלע זיבען דערנעבען און האבען עס באוויינט, און געוויינט האבען זיי דריי טאג און דריי נעכט. האבען זיי עס געוואלט באגראבען, אבער ס'האט נאך אזוי פריש אויסגעזעהן, ווי א לעבעדיגער מענש און געהאט נאך א זעלכע שיינע, רויטע באקען. האבען זיי געזאגט: „דאס קענען מיר נישט באגראבען אין דער שווארצער ערד" און האבען געלאזט מאכען א דורכזיכטיג טרומנעלע פון גלאז, אזוי אז מ'האט עס געקענט זעהן פון אלע זייטען און האבען עס אריינגעלעגט און אויפגעשריבען מיט גאלדענע אותיות זיין נאמען, און אז עס איז געווען א בת מלכה. דערנאך האבען זיי דאס טרומנעלע ארויסגעטראגען אויף א בארג און איינער פון זיי איז תמיד געבליבען ביי אים, און האט עס באוואכט, און די חיות זענען אויך געקומען און האבען באוויינט שנייוויסעלען, צוערשט איז געקומען א סאווע, דערנאך א ראב, צולעצט א טייבעלע.

איז שנייוויסעלע געלעגען גאר א לאנגע צייט אין דעם טרומנעלע און איז נישט פארפוילט געווארען, נאר ס'האט אויסגעזעהן, ווי ווען ס'וואלט געשלאפען, ווייל ס'איז נאך געווען אזוי ווייס ווי שניי, אזוי רויט ווי בלוט און געהאט אזעלכע שווארצע האר ווי עבענהאלץ. האט זיך אבער געטראפען, אז א בן מלך האט זיך פארבלאנדזשעט אין וואלד און איז געקומען צו ד'עם הויז פון די קארליקעס, אויף נאכטלעגער. ער האט געזעהן דאס טרומנעלע אויפן בארג און אינעווייניג דאס שיינע שנייוויסעלע און געלעזען, וואס ס'איז מיט גאלדענע אותיות געשטאנען געשריבען דערויף. האט ער געזאגט צו די קארליקעס: „גיט מיר דאס טרומנעלע, איך וועל אייך געבען דערפאר, וואס איר וועט פארלאנגען." אבער די קארליקעס האבען געענפערט: „מיר וועלען עס פאר קיין שום גאלד אין דער וועלט נישט אוועקגעבען." האט ער געענטפערט: טא שענקט זשע עס מיר, ווייל איך קען נישט לעבען אהן שנייוויסעלען, איך וויל עס עהרען און שעצען, ווי מיין ליבסטעס." ווי ער האט אזוי גערעדט, האבען די גוטע קארליקלעך מיט אים געהאט רחמנות און האבען איהם געשענקט דאס טרומנעלע. האט עס דער בן מלך געלאזט אוועק־טראגען אויף די פלייצעס דורך זיינע קנעכט. האט זיך געמאכט, אז זיי האבען זיך פארטשעפעט אן א קארטש און פון דעם קלאפ איז דאס פארסמטע שטיק עפעל, וואס שניי־ווייסעלע האט אבגעביסען ארויס דורכ'ן האלז. און ס'האט נישט לאנג געדויערט, האט

עס געעפענט די אויגען, אויפגעהויבען דאס דעקעל פונ'ם טרומנעלע און זיך דערהויבען און איז געווען ווידער לעבעדיג. „גאט געזעכטער, וואו בין איך?", האט עס גערופען. האט דער בן־מלך מיט גרויס פרייד געענטפערט, „דו ביזט ביי מיר", און דערצעלט, וואס ס'האט זיך צוגעטראגען און געזאגט: „כ'האב דיך ליבערשט פון אלץ אויף דער וועלט; קום מיט מיר אין מיין פאטערס פאלאץ, דו זאלסט ווערען מיין פרוי." האט זיך שניי־ווייסעלע איינגעווילט און איז מיט אים געגאנגען, און זייער חתונה האט מען געמאכט מיט גרויס פראכטיגקייט און פרייד.

צו דער שמחה האט מען אבער אויך פארבעטען שנייוויסעלעס בייזע שטיפמוטער. אז זי האט זיך אנגעטון אירע שיינע קליידער, איז זי פארגעטרעטען פארן שפיגעל און האט געזאגט:

„שפיגעלע, שפיגעלע אויף דער וואנד,
ווער איז די שענסטע אין גאר דעם לאנד?"
האט דער שפיגעל געענטפערט:
„פרוי קיניגען, איר זענט די שענסטע דא,
אבער די יונגע קיניגען איז שענער פון אייך."

האט דאס בייזע ארויסגעשפיגען א קללה, און האט אזא מורא באקומען, אז זי האט זיך האט גארנישט געקענט פאסען. זי האט קודם נישט געוואלט גיין אויף דער חתונה; זי האט זיך אבער נישט געקענט בארויהיגען, געמוזט אוועק און זעהן די יונגע קיניגין. און ווי זי איז אריינגעקומען, האט זי דערקענט שנייווייסעלען, און פאר גרויס פחד האט זי זיך נישט גע־קענט מער רירען. אבער שוין האט מען ארויפגעלעגט אייזערנע פאנטאפעל אויף גליהענדיגע קוילען און מ'האט זיי מיט צוואנגען אריינגעטראגען און זיי אנידערגעשטעלט פאר איר. האט זי זיך געמוזט אנטון די דאזיגע רויט גליהענדיגע שיך און טאנצען אזוי לאנג, ביז זי איז א טויטע צו דר'ערד אנידערגעפאלען.

# דעם טויט'ס שליחים.

פאר אלטע צייטען האט איינמאל געוואנדערט א ריז אויפ'ן קייזער־שטראז. איז אים פלוצים אקעגענגעשפרונגען אן אומבאקאנטער מאן און האט גערופען: „בלייב שטיין! קיין שריט נישט ווייטער!" — „וואס" האט געענטפערט דער ריז: „קארליק איינער, כ'קען דיך דאך מיט די פינגער צוקוועטשען, דו ווילסט מיר שפארען דעם וועג? ווער ביזטו, וואס דו רעדסט אזוי חוצפה'דיג?" — „איך בין דער טויט", האט דער אנדערער זיך אנגערופען „מיך קען קיינער נישט בייקומען און אויך דו מוזט פאלגען מיינע באפעלען?" דער ריז האט אבער קליין חשק געהאט און גענומען ראנגלען זיך מיט דעם טויט. געווען א גרויס געשלעג, צולעצט אבער האט אים דער ריז גובר געווען און האט דעם טויט דערלאנגט א קלאפ מיט דער פויסט, אז ער איז אנידער־געפאלען נעבען א שטיין. דער ריז איז זיך געגאנגען זיין וועגס און דער טויט איז געלעגען אבגעמאטערט און אהן כוח און האט זיך נישט געקענט אויפהויבען. „וואס וועט זיין דער סוף", האט ער געזאגט, „אז כ'וועל בלייבען ליגען דא אין ווינקעלע? ס'וועט קיינער נישט מער שטארבען אויף דער וועלט און זי וועט ווערען אזוי פול מיט

מענשען, אז זיי ווען קיין פלאץ נישט האבען צו שטיין איינער נעבען דעם אנדערן." דערווייל איז דורכגעגאנגען א יונגער מענש, פריש און געזונד צוגעזונגען זיך א לידעל און געווארפען זיינע בליקען אהין און אהער. ווי ער האט דעם פארשלאפטען דערזעהן, איז ער פול רחמנות צוגעגאנגען, האט אים אויפגעהויבען און אים געגעבען א ביסעלע משקה, כדי ער זאל זיך דערקוויקען און האט געווארט, ביז ער וועט ווידער צו זיך קומען. „ווייסטו אויך", האט דער פרעמדער, זיך אויפהויבענדיג, געזאגט, „ווער איך בין, און וועמען דו האסט די כוחות ווידערגעגעבען?" „ניין", האט דאס ייגעל געענפערט, „איך קען דיך נישט." „איך בין דער טויט", האט ער געענפערט, „איך פארשוין קיין מענש נישט און קען אויך דיר קיין כבוד נישט לעגען. כדי אבער דו זאלסט וויסען פון מיין גוט הארץ, זאג איך דיר צו, אז איך וועל דיך נישט פלוצלינג איבערפאלען, נאר איך וועל דיר פריהער שיקען מיינע שליחים, איידער איך וועל קומען דיך נעמען." — „גוט איז דאס", האט דאס ייגעל געענפערט, „אלץ נאך א שטיקעל ריוח, וועל איך כאטש וויסען, ווען דו קומסט און א שטיקעל צייט כאטש זיין זיכער פאר דיר." דערנאך איז ער ווייטער אוועקגעאנגען, געווען לוסטיג און פריילעך און האט געלעבט אין טאג אריין. אבער די יוגענד און דאס געזונד זיינס האבען נישט לאנג געהאלטען, באלד זענען געקומען קראנקהייטען און שמארצען, וואס האבען אים ביי טאג געפלאגט און אים ביי נאכט קיין רוה נישט געגעבען. „שטארבען וועל איך נאך נישט", האט ער צו זיך א זאג געטון, „ווייל דער טויט שיקט קודם זיינע שליחים, כ'וואלט נאר געוואלט, אז איך זאל שוין באלד געזונד ווערען." ווי ער איז געזונד געווארען, האט ער ווידער אנגעהויבען צו לעבען אין נחת. ויהי היום און ס'האט אים איינמאל עמיץ א קלאפ געטון אין די פלייצעס. האט ער זיך אומגעקוקט, איז געשטאנען פאר אים דער טויט און האט צון אים געזאגט: „קום ברודער, ס'איז געקומען די צייט, אז די זאלסט דיך געזעגענען מיט דער וועלט." — „וואס", האט דער מענש געענטפערט, „ווילסטו ברעכען דיין ווארט? האסטו מיר נישט צוגעזאגט, אז איידער דו וועסט קומען, וועסטו מיר קודם שיקען דיינע שליחים? איך האב קיינעם נישט געזעהן." — „שווייג נאר", האט אים דער טויט געענפערט: „האב איך דיר נישט געשיקט איין שליח נאכ'ן אנדערן? איז נישט געקומען דאס קדחת און האט מיט דיר געטרייסעלט? האט דיר דער שווינדעל פאר די אויגען דעם קאפ נישט פארשיכורט? האט דיר די גיכט נישט אלע גלידער צופרעסען? האט עס דיר נישט געקלונגען אין די אויערן? איז דיר נישט טונקעל געווארען פאר די אויגען? האט דיך אן מיר נישט יעדע נאכט, דער שלאף, מיין לייבליכער ברודער דערמאנט? ביזטו ביי נאכט נישט געלעגען, גלייך דו וואלסט שוין זיין טויט?" דער מענש האט דערויף קיין תשובה נישט געוואוסט, האט ער גענומען פארליב און איז אוועקגעאנגען מיט'ן טויט.

 

